# CONTROL TEST TARGET
## for Kodak Quality Monitoring















Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww Xx Yy Zz

Aa Bb Cc Dd Ee Ff Gg Hh Ii Jj Kk Ll Mm Nn Oo Pp Qq Rr Ss Tt Uu Vv Ww

Note: This target is intended for routine quality control checking and uniformity.
It is not to be used for certification of meeting any ANSI or ISO Standards for image quality requirements.
Note: To record background density, use a blank sheet of white paper.



Document Imaging
EASTMAN KODAK COMPANY
Rochester, New York 14650
1-800-232-8811

DOCUMENT IMAGING



Prylucki, Paula.
Yerusheh: Motil der shuster; drame in fir akten.
Varshe, 1912.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004-1877.19

**Prylucki, Paula (Edelstein), 1876-**
Yerusheh : Motil der shuster ; drame in fir akten.
Varshe : Nayer ferlag, 1912.
78 p. ; 24 cm.

1. Yiddish drama.--lcsh.
I. Poland-Warsaw

ID: NXYH02-B1911 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /106131b

Reduction ratio x 10.0

פּאַולאַ פּרילוצקי.

# ירושה.

דראַמע אין 4 אַקטען.

„נײַער פערלאַג“.

פּאַולאַ פּרילוצקי
(פּאַולאַ ר.)

# דראמען

## I

# ירושה

(מאָטיל דעֶר שוסטעֶר).

דראַמעֶ אין 4 אקטעֶן.

„ניי־עֶר פּעֶרלאַג״.
1912 — ווארשא

---

ПАУЛЯ ПРИЛУЦКАЯ,

# „НАСЛѢДІЕ“

драма въ 4-хъ актахъ

„Новое издательство“.

Варшава, 1912.

Тип. Х. Кельтера. Новолипье 11.

---

# פערזאָנען:

מאָטיל, א שוסטער.

שפְרָה, זיין ווייב.

דָוִד, זייער זוהן

דִינָהלֶע, זייער טאָכטער, א הויקער.

נעָצעֶל, געזעל בא מאָטלען.

לֵאָה, שפרה׳ס שוועסטער.

שָכֵנ׳טעֶ,

בעֶטלעֶר,

לעָאָפּאָלד בִירנבוים, ווינקעלאדוואָקאט.

אָסְתֵר, ) זיינע טעָכטער.
רעָבעָקי, )

דִינסטמיידעֶל.

קומט-פאָר אין א פוילישער פראָווינצשטאָט.

3254

אין װ א ר ש א אױפֿגעפֿירט צום ערשטן מאָל דורך
די „פֿעראײניגטע טרופּע״, דעם 9-טן מערץ 1910,
אונטער׳ן נאָמען „מאָטעל דער שוסטער״, בײַ פֿאָל-
גענדיגער ראָלען-אײנטײלונג:

מאָטעל —— ה׳ יעקב ליבערט.
שפרה —— פֿרײַלײן גורעװיטש.
חוה —— ה׳ סיערפּצקי.
דינה׳לע —— פֿרײַלײן אײדעלמאַן.
נעכיל —— ה׳ ושעלאוע.
בירנבוים —— ה׳ בערמאַן.
אסתר —— פֿרײַלײן רעגינסקאַ.
רעבעקי —— פֿרוי באַרסקאַ.

אין לאדז אויפגעפירט צום ערשטען מאל אין זאנדבערג'ס גרויסען טעאטער דעם 30-טען סעפטעמבער 1910, ביי פאלגענדיגער ראלען- איינטיילונג:

מאטעל —— ה' יעקב דראנאוו.
שפרה —— פרייליין פארערמאן.
דוד —— ה' יוליוס אדלער.
דינה'לע —— פרוי דאלסקא.
געציל —— ה' ושארוש.
לאה —— פרוי אבעלמאן.
שכנ'טע —— פרוי ראזענטאל.
בירנבוים —— ה' זילבערבערג.
אסתר —— פרוי עמיליא אדלער.
רעבעקי —— פרייליין אריעל.

---

ס'אין פערווערט צו איבערזעצען אדער אויפפירען די פיעסע אהן דערלויבעניש פון אויטאר.



# ערשטער אקט.

---

ביי מאטיל שוסטער: אין מיטען שטוב א שוסטער-ישעל מיט צוויי בענקלעך, אויף וועלכע ס'זיצען מאטיל מיט געצלען און ארבעטען. ארום זיי ליגט אנגעווארפען: קאפיטעס, אלטע שטיוועל, שיך, אויך פערשידען שוסטער-מאטעריאל. שפרה זיצט אויפ'ן בעט און וויגט א קינד. דינה'לע — וואשט דאס געפעס. דוד — זיצט און קלאפט אין א בלעכענעם בעקען און ציילט: „איינס, צוויי, דריי, איינס, צוויי, דריי"...

ווען ס'הייבט זיך אויף דער פארהאנג, זינגען מאטיל און געציל. מאטיל קלאפט שטיפטען אין א זויל.

שלאג, העמער'ל, שלאג, חבר'ל,
שלאג, שלאג, שלאג, שלאג!
וועסטו די שטיפטעלעך שטארק צושלאגען, —
וועט זיך דאס שיכעלע לאנג טראגען.
ס'וועלען דערפאר די ארעמע מענשען
בעטען אויף אונזער לעבען און בענשען:
שלאג, העמער'ל, שלאג, חבר'ל, ) (ב"פ.)
שלאג, שלאג, שלאג, שלאג! )

שפרה.

נאָט איז מיט אײַך, צ׳האָט זיך בײדע צעװײנגען, און דוד קלאַפּט אַרײַן אין בעקען אַרײַן, — צ׳לאָזט מיך נישט דאָס קינד אײַנשלעפען. דער קאָפּ פּלאַצט שיער. (הײבט זיך אויף פון בעט, לײגט אַנידער דאָס קינד, קנעפּעלט זיך צו די בלוזקע, גײט צו צום װאַרשטאַט, קוקט זיך אײַן צו דער אַרבײט, װאָס ליגט אויף דר׳ערד) מאָטיל׳שי, דו האָסט דאָך מיר געזאָלט געבען די שיך אָפּצוטראָגען די גענזלערין. װעלכע זענען זײ דאָס? (װײַזט מיט׳ן פינגער אויף אַ פּאָר) די זענען זײ?

מאָטיל.

יאָ, די זענען זײ טאַקי, קרױנעשי, (מיט אַ ניגון) יאָ, דאָס זענען זײ טאַקי, האַרצעשי, (העכער) דאָס זענען זײ, װײַבעשי.

שפרה.

זינג-זשע ניט, מאָטיל׳שי, זאָג, װיפיל קומט דאָס פּאָר זײ?

מאָטיל.

אַז זי װעט געבען אַכט גילדען, מעגסטו נעמען. כ׳האָב נאָר געמאַכט אַ פּאָר פאָרעשװעס מיט אָפּצאַסען און בײַ אײַנעם די כאָלעװקע צונעגײט.

שפרה.

דו האָסט זיך מיט איהר ניט משוה געװעזען?

מאָטיל.

נײן, טאַכטערשי, כ׳בין זיך מיט איהר קײנמאָל ניט משוה.



שפרה.

אַלזאָ, װינציגער װי אַכט גילדען זאָל איך נישט נעמען, מאָטיל׳שי?

מאָטיל.

מאַ — זאָל זײַן אַ קערביל!

שפרה. (צערטליך)

מאָטיל׳שי, כ׳װעל נעמען בײַ איהר פאַר דעם אַביסעל גענזען-שמאַלץ אויף יום-טוב. װי קען מען דען זײַן פּסח אָהן אַ טראָפּען גענזען-שמאַלץ? דו האָסט דאָך אַזױ ליב אַ ציבעלקעלע מיט שמאַלץ.

מאָטיל (קראַצט זיך אין קאָפּ).

גענזען-שמאַלץ, זאָגסטו... װאָס װעט, אָבער, זײַן, אַז כ׳װעל ניט קריגען הײַנט בײַם אַדװאָקאַט געלט פאַר די קאַמאַשען? (מיט אַ ניגון) װעסטו ניט האָבען פאַר װאָס שבת צו מאַכען, קרױנעשי...

שפרה.

פאַרװאָס זאָלסטו ניט קריגען געלט בײַם אַדװאָקאַט? ער צאָלט דאָך רעיעל.

מאָטיל.

כ׳חײַם? אפשר װעט מען איהם ניט טרעפען פּונקט אין דערהײם... ס׳איז דאָך פרײַטיג — דער טאָג איז קורץ.

שפרה.

שיק זײַ באַלד אָפּ מיט דוד׳ן, און אַז ער װעט איהם ניט טרע-

פען, זאל ער דארט אונטערוואַרטען, ביז ער וועט קומען אויף מי־טאג. אלזא, וואס זאגסטו מאטיל'שי? כ'וועל נעמען ביי די געגולע־רין א ביסעל שמאלץ פאר דעם געלט.

מאטיל.

טו, מיין הארץ, ווי דו ווילסט. באלעמיטשע מיך נישט, מיין קרוין (הייבט אן זינגען, געציל העלפט איהם אונטער—„שלאף, חעמער'ל" א. ז. וו.)

שפרה (נעמט די פאטשיילע אויף זיך. ביי דער טיר).

דינה'לע, גיב אכטונג אויפ'ן קינד, עס זאל, חס ושלום, ניט אראפפאלען פון בעט (גייט ארוים).

דינה'לע (לויפט צו צו געצלען, בעטענדיג).

געציל, גיב מיר א גראשען.

געציל.

כ'האב היינט אליין ניט, צאצקעלע, כ'האב היינט אליין ניט.

מאטיל.

דינה'לע, גיי איצט אוועק פון איהם, ער האט קיין צייט ניט.

דינה'לע.

קיינמאל האט ער קיין צייט ניט! (קאפריזיש) לאז ער מיר געבען א גראשען — ער האט מיר צוגעזאגט.

געציל (לאכענדיג)

כי–כי–כי– כ'האב אליין ניט.



דינה'לע (טופעט מיט'ן פוס)

כ'וועל פון דאנען ניט אוועקגיין, ביז דו וועסט מיר ניט געבען.

מאטיל.

גיי אוועק פון דאנען, גיי צו צום קינד, ס'וועט אראפפאלען פונ'ם בעט, ווי געכטען. (דינה'לע רירט זיך ניט פונ'ם ארט) גייסט אוועק, ווארום כ'נעם אראפ דעם פאסעק.

געציל (לאכענדיג)

כ'וועל ניט לאזען, כי—כי! (הייבט זיך אויף פונ'ם בענקעל, פער־שטעלט מיט זיך דינה'לען) כ'וועל ניט לאזען!

מאטיל

נאר איינער, האסט דאך געהערט, אז כ'מוז באלד אפשיקען דעם אדוואקאט די קאמאשען.

געציל.

מיישטערשי, זיי וועלען באלד פארטיג זיין. נאר שלאגען דינה'־לען וועל איך ניט לאזען, כי—כי—כי.

מאטיל.

וועסט שוין, דינה'לע, האבען דיין פסק פון דער מאמע, וואס דו האסט ווייטער איבערגעלאזט דאס קינד אליין אויפ'ן בעט.

געציל.

האב ניט קיין מורא, צאצקעלע, געציל וועט ניט לאזען שלא־גען, כי—כי—כי.

מאטיל.

נו, לאז שוין זיין געגוג אויף היינט, נעציל נאר!

(ס'עפענט זיך די טיר. דינה מיינט, אז ס'איז די מאמע, שפרינגט צו צום קינד. ס'קומט אריין א בעטלער).

אויפטריט בעטלער.

דינה.

נעמט געזונטערהייט, זיידעשי, ס'איז ניטא וואס צו געבען.

נעציל (שפרינגט אויף פון בענקעל).

א לינגענט, א לינגענט, זיידעשי, ס'איז דא וואס צו געבען, (שפרינגט צו צו די קיך, נעמט ארויס א שיסעלע מיט עטוואס עסען, דערלאנגט עס דעם בעטלער; שטעלט איהם א בענקעל, העלפט איהם זיך זעצען) זיצט, זיידעשי, און עסט: עס איז ווארים. (בלייבט שטיין לעבען בעטלער, קוקט זיך אין איהם איין. נאך א וויילע) פון וואנען קומט איהר, זיידעשי, פון ווייט?

בעטלער.

כ'קום פון דער גאנצער וועלט.

נעציל.

אוש פון דער גאנצער וועלט? (דרייט מיט'ן קאפ) אוש פון דער גאנצער וועלט? ס'מוז זיין וויים פון דאנען, זיידעשי, כי, כי, כי!

בעטלער.

אודאי, איז עס וויים.



דינה'לע.

לאז ער ניך געבען דאס שיסעלע. די מאמא האט מיר געהייסען אפוואשען דאס געפעס.

נעציל.

באלד, צאצקעלע, באלד, דינה'לע, ער וועט באלד אויפעסען. (צום בעטלער) איהר האט קינדער, זיידעשי?

בעטלער (טרויריג).

ניין, איך האב קיין קינדער. איך האב שוין קיין קינדער נישט. אלע זענען מיר געשטארבען, אלע געשטארבען. איך האב אלע איבערגעלעבט, אלע איבערגעלעבט. פינף זוהן האב איך געהאט, און אלע איבערגעלעבט. — ד' נתן וד' לקח: נאט האט צוריקגענומען דאס, וואס ער האט געגעבען. נאר מיך וויל ער ניט צונעמען, — כאטש עס איז שוין צייט אויף מיר... שוין לאנג צייט!... יא, יא, מיין קינד, אזוי איז עס: אויף א בוים וואקסען עפעל, טייל פאלען אראפ נאך איידער זיי זענען רייף געווארען, און פונקט די, וואס ווערען געטאטשעט פון ווערעם און געשלאגען פון האגעל, האלטען זיך אזוי לאנג אויפ'ן בוים, ביז ס'קומט נישט א בארמהערציגער הערבסטווינט און שלאגט זיי אראפ... מיינע קינדער זענען אראפגעפאלען פון בוים, נאך איידער זיי האבען בעוויזען רייף צו ווערען, און נאך מיר איז דער ווינט נאך ניט געקומען...

נעציל.

זיידעשי, איהר דארפט לעבען הונדערט מיט צוואנציג יאהר

בעטלער.

שעלט מיך ניט, מיין קינד.

זאטיל.

געציל, וואס טוט זיך דאס מיט דיר? ס'איז דאך היינט פרייטיג!

עציל.

באלד, באלד, מייסטערשי! (צום בעטלער) זייט, זיידעשי, איך האב אויך קיין טאטען נישט, קיין מאמע נישט, קיינעם האב איך נישט, — נאר דינה'לע האב איך. (כאפט זי ארום) לי, לי, לי...

דינה'לע (בייז)

נארטשיסקע! (שפעט נאך) לי, לי, לי...

מאטיל.

וואס איז דאס היינט מיט דיר, געציל, צו אל'די גוטע יאהר!

(בעטלער הייבט זיך אויף — געציל העלפט איהם צו, געמט פון איהם צו דאס שיסעלע).

געציל.

וואו נעמט איהר איצט, זיידעשי?

בעטלער.

חיים איך דען, מיין קינד, וואו איך גיי? אט גיי איך, וואו די אויגען טראגען, — ביז דער בארמהערציגער ווינט וועט מיך אראפשלאגען פון בוים... נו, זייט געזונט אלע! א גוט יאהר אויף אייך!

געציל (פירט דעם בעטלער צו די טיר)

גייט געזונטערהייט, זיידעשי! זייט געזונט!



(בעטלער אפ)

(געציל זעצט זיך צוריק אויפ'ן בענקעל, זינגט טרויריג).

כ'האב קיין מאמען, כ'האב קיין טאטען,
טרויריג איז מיר אויף די וועלט:
ס'איז ניטא, ווער ס'זאל א יתום
אפהיטען פון נויט און קעלט.

(ייט איבער די מעלאדיע אויף א פריילילע, מאטיל העלפט אונטער).

אין עלענט און נויט,
אויפ'ן שטיקעלע ברויט,
אוי, ארבייט איך שווער!
דאך וויל איך ניט מער...
קאפעטקע, מיין פריינט,
כ'בין דיר ניט קיין פיינט!
זיפצען ניט כדאי:
ס'העלפט ניט סיי ווי סיי!
ארבייט גיט צו לוסט,
נערט ווי די מאמעס ברוסט...

מאטיל (רופט)

דוד, נא דיר די קאמאשען, און טראג זיי אפ צום ארוואקאט.

דוד.

(שפרינגט אראפ פון פענסטער, בלייבט שטיין, ניט רירענדיג זיך).

מאטיל (רופט העכער).

דוד, דו הערסט ניט, צי וואס?

דוד.

(גייט צו נעהנטער צו מאטלען).

### מאטיל.

נא דיר די קאמאשען (שטופט זיי דוד'ן אין די האנט). נא, טראג זיי אפ צום אדוואקאט!

### דוד (קוקט מיט דערשראקענע אויגען, צו מאטלען).

טאטעשי, איך וועל זיי ניט אפטראגען, זאל זיי נעציל אפטראגען.

### מאטיל.

נעציל האט קיין צייט נישט, ער ברויך נאך מאכען א פאר לאטקעלעך אויף די שיכלעך פאר די סטאליארקעס קינד. (נאך א פויזע) און טאמער וועט אויסקומען צו ווארטען אביסעל אויפ'ן אדוואקאט, אפשר העט ער נאך ניט זיין אין דערהיים — זאלסטו אונטערווארטען. שטיי-זשע ניט און גיי!

### דוד.

טאטעשי, איך קען דארט נישט אפטראגען, טאטעשי, איך קען נישט.

### מאטיל (פערוואונדערט).

וואס איז דאס היינט ווידער מיט דיר, דוד, צו אל'די גוטע יאהר!

### דוד (גמעט מיט געוויין, לאזט ארויס די קאמאשען פון די הענט).

דארט, טאטעשי קען איך נישט. וואו דו וועסט וועלען, וועל איך אפטראגען אבי נישט דארט!



### דינה'לע.

ער וועט דארט נישט אפטראגען די קאמאשען. איך ווייס פאר וואס. נעציל ווייסט אויך פאר וואס. איא, נעציל, אז מיר ווייסען?

### נעציל.

(ווינקט דינה'לען, זי זאל גארנישט רעדען).

### דינה'לע.

טאטעשי, וועסט מיר געבען א גראשען, וועל איך דיר זאגען, וועסט געבען, טאטעשי? (צו דוד'ן, רייצענדיג זיך) כ'וועל זאגען, כ'וועל דוקא זאגען. ווייסט, פארוואס, טאטעשי? (צו דוד'ן) האסט מיר נעכטען נישט געוואלט געבען א שטיקעל צוקערקע, וועל איך דוקא זאגען! טאטעשי! טאטעשי! ער לערנט זיך דארטען שפילען ביי די פרײלײן אויפ'ן פארטעפיאן.

### מאטיל (מיט א געלעכטער, קוקט אויפ'ן דערשראקענעם דוד).

אזוי גאר? ער לערנט זיך שפילען אויפ'ן פארטעפיאן? (צו דוד'ן) לערנסט זיך שפילען אויפ'ן פארטעפיאן? ס'פאסט מיר צו: מאטיל שוסטערס זוהן לערנט זיך שפילען אויפ'ן פארטעפיאן! פון וואנען ווייסטו דאס, דינה'לע?

### דינה'לע.

ווען נעציל האט יענע וואך אפגעטראגען די שיך פאר די פרײלײן, האט ער דארט געטראפען דוד'ן זיצען ביים פארטעפיאן, און די פרײלײן האט איהם געלערנט שפילען. נעכטען האט מיך נעציל מיטגענומען, אונטער'ן פענסטער זענען מיר געשטאנען און אונטערגעהארכט. מיינסט, טאטעשי, אז זיי שפילען אזוי, ווי מ'האט געשפילט אויף די מומע לאה'ס חתונה? אך! די גאנצע צייט קלאפען זיי אריין אין פארטעפיאן אריין און, זינגענדיג, ציילען זיי — ראז, דווא, טשי, ראז

דוואַ, טשי.. איך בין באַלד אַהיימגעגאַנגען, איך האָב עס נישט געקענט הערען, נאָר דער נאַרישער געציל האָט געקוואַלען פון דער מוזיק. ער איז נאָך געבליבען דאָרט אפשר צוויי שעה. (לאַכט) ווייסט, טאַטעשי, אַז ער איז צוריקגעקומען, איז ער געווען געפרוירען ווי אַ הונט.

מאָטיל.

אַזוי גאָר?! נו, מיר וועלען הערען, וואָס די מאַמע וועט אויף דעם אַלעם זאָגען. (עס עפענט זיך די טיר, שפרה בעווייזט זיך) אָט גייט זי! אויף די וואָרט.

## אויפטריט שפרה.

שפרה (שווער אָטעמדיג).

אוי, איך זאָג דיר, מאָטילשי, איך בין אַ גליקליך מענש, קיין עין-הרע, כ'האָב נאָך געכאַפּט אַביסעל שמאַלץ ביי די גענזלערקע, דאָס לעצטע ביסעל שמאַלץ. הערסט, מאָטעלשי, בלויז אינערן. אָט, איך שטעל עס שוין צו, עס איז שוין אפילו כשר-געמאַכט. (ברייגט זיך אַראָפּ, נעמט פון אונטערן בעט אַ טעפּיל, ווישט עס אויס מיט פּאַפּיר, לייגט אריין דאָס פעטס, שטעלט עס אויף די קיך) יאָ, הערסט, מאָטילשי? כ'האָב זיך געטראָפען אויפ'ן הויף מיט די שכנה'טע, איז זי מיך דאָס בעפאַלען מיט אַנ'אַליאַרם, זי האָט מיך דאָס געשאָלטען, פאַר דוד'ן: ער האָט עפּעס געזאָלט געבען אַ שטופּ איהר יונגעל, איז ער געפאַלען און האָט זיך צעבלוט.

מאָטיל.

איך וועל דיר, שפרה'שי, דערציילען אַ שענערע זאַך פון איהם, וואָס איך האָב זיך נאָר-וואָס דערוואוסט. הערסט, שפרה'שי? ער לערנט זיך נאָר שפּילען ביים אַדוואָקאַט אויפ'ן פּאָרטעפּיאַן! דערפאַר טאַקי פּלאָג איך זיך אַרום מיט'ן נאַרישען געציל. ערגעץ אַנדערש האָט מען שוין אַ נוץ פון אַזאַ קינד. אַז איך בין געווען אין זיינע יאָהרען, בין איך שוין געווען ביי אַ בעל-מלאכה, איך האָב שוין פער-דינט אַ מיטאָג און 5 גילדען אַ וואָך, — און ער וואָלט זיך נאָר געצאַצקעט, געפּוצט, און געשפּילט! דו האָסט דאָך איהם געוואָלט, שפרה'שי, שוין אָפּגעבען צו אַ פעלדשער!



שפרה.

דער פעלדשער האָט מיר צוגעזאָגט איהם צוצונעמען ערשט נאָך פסח.

מאָטיל.

לאָז זיין נאָך פסח!

שפרה.

דאָס קינד האָט דאָ נישט געוויינט!

געציל.

ניין, ניין, מייסטראָוועשי, כי—כי—כי!

מאָטיל.

אַלזאָ, דוד, וואָס וועט זיין מיט'ן אַדוואָקאַט'ס קאַמאַשען! ס'מוז דאָך זיי עמיץ אָפּטראָגען!

דוד (מיט געוויין).

איך קען נישט, טאַטעשי, איך שעם זיך!

שפרה.

מאָטילשי, הער אויף מיט איהם. זאָל ער נישט גיין. איך וועל זיי אַליין אָפּטראָגען. אַז ער וועט גיין, וועט ער סיי ווי קיין געלט

נישט ברענגען. באלד, א מינוטקעלע, איך וועל נאר דאס שמי־לע פון פייער אוועקשטעלען, די גריווען זאלען נישט צוגעברענט ווערען. (גייט צו צו דער קיך, די שכנה׳טע פאלט אריין מיט א געשריי!)

## אויפטריט שכנה׳טע.

שכנה׳טע.

געבען זי מיר נאר אפ דאס ראנדעליקעל! בראש, אז זי בארגט עפעס, פערגעסט זי גאר אפצוגעבען!

שפרה (דערלאנגט איהר דאס ראנדעליקעל).

כ׳האב נישט פערגעסען, נאר כ׳האב געמיינט, אז זי דארפען עס נאך נישט.

שכנה׳טע.

איך דארף עס! און פון היינט מאל אן אוים שכנה׳שאפט און אוים בארגשאפט! (לויפט צו צו דוד׳ן מיט א אויפגעהויבענע פויסט) און דו, בענ־קארט, אז דו וועסט נאכאמאל אנרירען מיינס א קינד, וועל איך דיר די הענט מיט די פיס צעברעכען! (שרייט) זאלסט זיין א כפרה פאר מיינע קינדער!

שפרה (וויינט).

פאר וואס זאל ער באלד זיין א כפרה? נאך וואס באלד שעל־טען? מישען זיך צווישען קינדער? באלד א כפרה! לאזען מיינע שונאים זיין די כפרה!

שכנה׳טע.

זעהט נאר, ווי איידעל זי רעדט! גלייך ווי זי וואלט נישט געקענט קיין צוויי איבערציילען! (שפעט נאך) מישען זיך צווישען קינ־



דער! אז מ׳האט אזא בענקארט, דארף מען איהם האלטען ווי א הונט אויף די קייט. נא, א שיינע ריינע כפרה זאל ער מיר זיין!

שפרה (עטוואס בייז).

לאז אנ׳אנדערער זיין די כפרה. ער איז אזוי גוט א מאמעס א קינד, ווי איהנס קינדער.

שכנה׳טע (איראניש).

אודאי איז ער א מאמעס א קינד, נאר וויפיל טאטעס האט ער געהאט? דערמאן זיך נאר, געדענקסט שמשון סמיטשיק? ווען דיין מאן איז געוועזען ביים מיליטער, געדענקסט,— ווי דו האסט אפגעלעבט מיט איהם א גוטען טאג? דו, אשת־איש! (לויפט ארויס, לאזט אפען די טיר).

שפרה.

(שלעפט זיך לאנגזאם צו די טיר, פערמאכט זי, בלייבט א ווײַלע שטיין לעבען איהר מיט דערשראקענע אויגען, ווי פערשטארט.— נאך א ווײַלע, צו מאטלען).

גיב די קאמאשען, וועל איך זיי אפטראגען.

מאטעל (דרייט זיך אוים מיט׳ן בענקעל צו איהר).

וואס האט זי עפעס אזוי פיל ארורגעמאלען? וואס האט זי עפעס געוואלט פון שמשון סמיטשיק?

שפרה (ציטערענדיג, שטאמעלט).

א משוגענע, ווייסט אליין נישט, וואס זי רעדט. (גייט צו צו מאט־לען) גיב די קאמאשען.

מאטיל.

א רובעל האב איך גענומען האנטגעלט, לאז ער דיר צוגעבען

נאך פיִר רובעל. (דערלאנגט איהר די קאמאשען, קוקט זי אן) זייַ נאר, ווי בלייַך דו ביִסט... וואס ציִטערען אזוי די הענט בייַ דיִר?

שפרה.

די הענט גאר ציִטערען בייַ מיִר? ס'דאכט זיִך דיִר אזוי! (נעמט די פאטשייַלע, גייט אפ).

מאטיִל (לייגט אוועק פון די האנט די קאפיִטע, בלייַבט זיִצען פערטראכט).

דינה'לע.

דוד! דוד! (דוד זיִצט סקורטשעט איִן א וויִנקעל) קום זיִך שפיִלען קאמער—קאמער—הויז. (דוד ענטפערט איִהר ניִט. געציִל קוקט צו מאטלען, זייט, אז ער איִז פערטראכט, הייבט ער זיִך אויף אויף די שפיִץ פיִנגער-גייט צו דער קיִך, נעמט ארויס מיִט א לעפיִל פיִן א טעפיִל גריִזוען און דערלאנגט זיי הינטענארום דינה'לען; זעצט זיִך צוריק שטיִל אויפ'ן בענקעל, נעמט די קאפיִטע איִן האנט און קוקט מאטלען איִן די אויגען. דינה'לע זיִנגט, עסענדיִג די גריִזוען: „אונטער דיין וויִגעלע, שטייט א קלייִן ציִגעלע" א. ז. וו.

מאטיִל (הייבט זיִך אויף ווי פון א חלום, ווישט איִבער די אויגען).

נעציִל, וואו ביִסטו? פארוואס דרייסטו זיִך ארום און באלעמוטשעסט?

נעציִל.

איִך זיִץ דאך און ארבעט, מייסטערשע, איהר זעט דען ניִשט? כי-כי-כי!

מאטיִל.

א יא, איִך האב זיִך פערטראכט, (רופט דוד'ן) זאג נאר, וואס האסטו געטון די שכנה'טעס קיִנד?



דוד.

ער האט זיִך געשפיִלט איִן לייִם, ל'כיִן ארורלגעגאנגען דורכ'ן הויף, איִז ער צוגעשפריִנגען צו מיִר און האט זיִך געוואלט אפווישען די הענט אן מיִר, האב איִך איִהם אפגעשטופט פון זיִך, איִז ער געפאלען. באלד איִז ארויסגעלאפען זיין מאמע און האט אנגעמאכט א גאנץ געררודער.

מאטיִל (צו זיִך, שטאמעלט).

יא, זי האט עפעס אנגעמאכט א גאנץ געררודער....

(פארהאנג).



# צווייטער אקט.

---

צווישען ערשטען און צווייטען אקט איז אריבערגעלאפען א פאר יאהר.

ביי בירנבוימען אין זאל. צוויי פענסטער און א באלקאן מיט בלומען אין קעסטעלעך און טעפ. אין מיטען שטוב א גארניטור מעבעל. ביי איין וואנט שטייט א קאנאפע, אויף וועלכער ס'ליגט רעבעקא און לעזט א בוך. אין ווינקעל שטייט א פארטעפיאן, ביי וועלכען ס'זיצען אסתר און דוד.

ווען ס'הייבט זיך אויף דער פארהאנג, הערט זיך שפילען אויפ'ן פארטעפיאן.

אסתר.

אוי, דוד, שפילט איהר שיין, איהר האט געמאכט א אונגעהייערען פארשריט.

דוד (ווי פערשעמט).

א אונגעהייערען פארשריט, זאגט איהר... איך מיין, אז נישט קיין אונגעהייערען. איך לערן דאך זיך דאס פינפטע יאהר.

אסתר.

עס איז שוין ס'פינפטע יאהר! ווי די צייט איז איבערגעלאפען! ווי עס וואלט איצט נעכטען געוועזען. איהר געדענקט, דוד? איהר געדענקט, ווי איך האב אייך אריינגערופען צו זיך און געפרעגט, וואס איהר טוט אזוי אפט אונטער מיינע פענסטער? אוי, האט איהר זיך דאס דעמאלט דערשראקען, — ווי מען וואלט אייך געכאפט ביי א גנבה. איידער איך האב פון אייך ארויסגעקריגען, אז איהר הערט זיך צו, ווי איך שפיל!



דוד.

איך געדענק, ווי עס וואלט יעצט געוועזען: ווען איהר האט מיך געפרעגט, צי איך וואלט מיך געוואלט לערנען שפילען — וועט איהר מיך לערנען, — האב איך געמיינט דעמאלט, אז ס'הארץ וועט מיר פלאצען פאר פרייד. פון דער צייט אן, וואס איך האב מיך אנגעהויבען צוהערען אונטער די פענסטער, ווי איהר שפילט, האט מיט מיר עפעס פאסירט. איך האב נישט געקענט ביינאכט שלאפען. גאנצע נעכט האבען זיך אין מיר איבערגעזונגען די מעלאדיעס, וואס איהר האט געשפילט. און בייטאג האב איך אין אלעם, וואס האט זיך ארום מיר געטון, נאר געהערט שאלען טענער. האט דער טאטע צוגעקלאפט שטיפטעלעך צו שיך, האט זיך מיר אויסגעוויזען אין דעם עפעס א מוזיק. וואו איך בין געשטאנען, וואו איך בין געגאנגען, האט מיך פערפאלגט נאר די מוזיק... עפעס שווערס האט זיך מיר געלייגט אויף די ברוסט, אויפ'ן קאפ. עפעס האט געדריקט ס'הארץ. נאר דעמאלט, ווען איהר האט מיך גענומען לערנען, האב איך פרייער אפגעאטעמט. איהר ווייסט, אסתר? ס'פלעגט מיך טייל־מאל כמעט שטיקען אינעווייניג ווי עפעס א געוויין. איצט, איצט! (מיט פרייד) איצט איז עס גאנץ אנדערש. טאמער ווערט אויף א ווייל שווער, דער עלענט פאנגט אן שטיקען, שפרינגט מען צו צום פארטעפיאן. אוי, דעמאלס, דעמאלס שפילט זיך! דער פארטעפיאן שלינגט אין זיך אלץ איין, און ענטפערט. אוי, ווי ענטפערט!...

אסתר (לאזט טרויריג אראפ דעם קאפ).

א גליקליכער מענש זענט איהר דאס, דוד.

רעבעקאַ (גענעצענדיג).

טאָמער וועט שוין זײַן גענוג אויף הײַנט דאָס בזשראַנקען... מוזיק, שמוזיק... אסתר, לאָז איבער אַ ביסעל אויף מאָרגען. גײַ בעסער אַרײַן אין קיך העלפען די מאַמען איבערקלײַבען די באַריזשקעס.

אסתר (רופט זיך נישט אָן. זיצט, ערגעץ ווײַט פערקוקט).

רעבעקאַ (הייבט זיך אויף פון דער קאַנאַפּע, גייט צו צו אסתר'ן).

אסתר, העלף עטוואָס צו דער מאַמען. איך מוז זיך איבערנײַען. דער קאָפּ טוט מיר וויי.

אסתר.

יעדען טאָג טוט דיר דער קאָפּ וויי, און יעדען טאָג מוזט דו זיך איבערנײַען... הײַנט, בעט איך דיך, בלײַב און העלף דו צו דער מאַמען. דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב הײַנט אַ גאַסט. מיר האָבען מיט זיך נאָך פיל צו רעדען.

רעבעקאַ (וואַרפט דוד'ן אַ קאָקעטישען בליק).

איהר אַנטלויפט נאָך נישט, איאָ, דוד? איהר בלײַבט נאָך אַ פּאָר טאָג?

דוד.

יאָ, איך בלײַב נאָך אַ פּאָר טאָג.

רעבעקאַ.

ווייסט, אסתר, דו וועסט נאָך האָבען גענוג צײַט זיך אויסצורעדען דאָס האַרץ. (נעמט אַרויס די האָרנאָדלען אסתר'ן פון קאָפּ) שוין דאָס לעצטע מאָל, כ'וועל זיך באַלד קויפען האָרנאָדלען.



אסתר.

דו קויפסט זיך יעדען טאָג און פערלירסט יעדען טאָג.

רעבעקאַ.

אסתר'שי, אַוואו שטייט דײַן שירם?

אסתר.

וואו איז דײַנער?

רעבעקאַ.

כ'געדענק גאָרנישט, וואו איך האָב איהם ערגעץ איבערגעלאָזט. (שטייט פאַר'ן שפּיגעל און פערקעמט זיך) אסתר'קע, כ'בעט דיך, ברענג מיר אַרײַן מײַן הוט.

אסתר.

(שטייט שווער אויף פון'ם פאָרטעפּיאַן, גייט אַרײַן אין צווייטען צימער און ברענגט אַרײַן אַ הוט, דערלאַנגט איהם רעבעקע'ן)

זוים דיך נאָר נישט לאַנג.

רעבעקאַ.

(טוט אָן דעם הוט, הייבט אין איהם אָן זוכען אַ שפּילקע, הייבט איהם אָן אונגעדולדיג צו דרייען אויס'ן קאָפּ פון אַלע זײַטען)

דאָ דיאַבלאַ, וואו איז די שפּילקע? נאַ, דער טײַוועל האָט ערגעץ די שפּילקע פערטראָגען! אסתר'שי, דו ווייסט נישט, וואו איז מײַן שפּילקע?

אסתר.

איך האָב זי נישט געזעהן.

רעבעקא.

אסתר'קע, ליי מיר אויף א מינוטקעלע דיינע.

אסתר.

זי שטעקט אין קישעלע אויף דער וואנט. (רעבעקא גייט ארויס).

איהר געדענקט, דוד, איידער עס איז מיר געלונגען איבערצורעדן איירע עלטערן, זיי זאלען אייך לאזען פארען מיט מיר קיין ווארשא זיך לערנען שפילען? איהר געדענקט — איך האב דעמאלט געזאגט, אז איהר וועט מיך איבעריאגען אין דער מוזיק? זייט זשע: איך בין שוין פון א יאהר אין דער היים און נישט געענדיגט דאס קאנסערוואטאריום. און איהר לערנט זיך, און וועט אינגיכען ווערען א גרויסער מוזיקער. יא, יא, דאס האב איך גלייך געפילט, ווען איך האב מיט אייך אנגעהויבען צו לערנען די ערשטע גאמען. איהר האט מיך שוין דעמאלט איבערראשט מיט'ן ווייכען צוריר צו דער קלאוויאטור און דער אנגעהויערער אנטוויקלונג אין די פינגער... יא, פון אייך וועט זיין א גרויסער קינסטלער...

דוד (שמייכעלט).

א גרויסער קינסטלער, זאגט איהר?..

אסתר.

נאר וואס דען, מיינט איהר, אומזיסט וואלט מען אייך אויפגעהאלטען און געלערנט שפילען, ווען איהר וואלט נישט פערמאגט די געטליכע פונק?... איירע מעצענאטען ווייסען, וואס זיי טון, ווען ליינען אויף אייער לערנען. איהר זענט דער אויסערוועהלטער פון שיקזאל...

דוד.

אבער דער גרעסטער ראַק קומט דאך אייך. דאס אלץ איז



אייער פערדינסט... מיינע עלטערן האבען מיך דעמאלס געוואלט אפגעבען צו א פעלטשער. איהר האט אדורכגעבראכט, איך זאל קענען און האבען מיט וואס קיין ווארשא צו פארען. איהר האט דאך מיך כמעט צוויי יאהר געלערנט. איך וועל אייך קיינמאל נישט פערגעסען...

אסתר.

פילט איהר זיך דאטש אזוי גליקליך, ווי איהר זייט?

דוד.

איך וואלט זיך געפילט גליקליך, ווען איך וואלט געקענט די עלטערן דאטש מיט עפעס ארויסהעלפען. דער טאטע, שוין פון א געוויסער צייט, פילט זיך נישט ווי אמבעסטען. ער האט זיך אויך אפגעלאזט אביסעל פון דער ארבייט. דאס שלאגט זיך זער שלעכט אפ אויפ'ן גאנצען הויזגעזינט. די מאמע קען קוים א עק מיט א עק פערבונדען... דער פראפעסאר האט מיר אבער צוגעזאגט, אז נאך די פעריען וועט ער מיר איבערגעבען א פאר זיינע לעקציעס, פון וועלכע כ'וועל האבען א רובל 40 א מאנאט, (מיט פרייד) אוי! דעמאלס וועט עס גוט זיין! אז איך וועל אומשטאנד זיין א געוויסע סומע אהיים שיקען... דעמאלס וועט מיר א שטיין אראפפאלען פונ'ם הארצען.

אסתר.

איך וועל אויך צופרידען זיין פון דעם. איירע עלטערן האבען אודאי אויף מיר א פערדראס. ווען נישט איך, וואלט איהר אפשר שוין פון לאנג געקענט זיי ארויסהעלפען מיט א פאר גילדען א וואך.

דוד.

ניין, ניין, מיין מאמע האט צו אייך, חלילה, גארנישט. אפשר דער טאטע. ער וואלט בעסער געוואלט, אז איך זאל זיין א שוסטער און איהם צוהעלפען ביי די ארבייט. די מאמע האט פון דעם קיינמאל נישט געוואלט הערען.

אסתר.

אײַערע עלטערן װעלען זיך נאָך זײער גליקליך פילען דורך אײַך. איהר װעט נאָך קענען אײַערע ברידער און שװעסטער אויך צו א לײַט ברענגען.

דוד.

דאָס, דאַכט זיך, װעט מיר שוין נישט געלונגען. לײַדער, פון זײַ װעט שוין גאָרנישט זײַן. די שװעסטער מײַנע איז, נעבעך, א קאַליקע אויף אײביג... איהר װײַסט דאָך, זי האָט א הויקער. זי איז אַלט 16 יאָהר, און איז אַזוי אַנטװיקעלט װי א קינד פון 8 יאָהר... און דער ברודער איז א שטומער. דורך דעם טאַקע איז מיר אַזוי אומעטיג אין שטוב. עפּעס פיל איך זיך אײַנגאַנצען פרעמד. איך האָב נישט מיט װעמען א װאָרט איבערצורעדען. דער טאַטע זיצט עפּעס פערטראַכט. די מאַמע איז פעריאָגט בײַ'ם װירטשאַפט. זי האָט צו מיר קײן צײַט נישט אויף אַ װײַלע... איך װאָלט שוין געװאָלט צוריקפאָרען... װען נישט איהר, װאָלט איך נישט געקענט דאָ קײן טאָג אויסהאַלטען.

אסתר.

איהר האָט זיך שוין פון זײַ אָפּגעװײנט. אין װאַרשא האָט איהר בעקאַנטע. איהר זײַט פערנומען מיט'ן לערנען. איהר בעזוכט אוראי די פילהאַרמאָניע אָפט?...

דוד.

יאָ, אַז עס איז נאָר א גוטער קאָנצערט — בעקום איך פונ'ם פּראָפעסאָר פרײַ אַרײַנגאַנג.

אסתר.

װי גליקליך זענט איהר, אַז איהר קענט אַזוי אָפט הערען גוטע



קרעפּטען. װער האָט עס דעם סעזאָן קאָנצערטירט?

דוד.

פּאַדערעװסקי, גרינפעלד, פרידמאַן, רובינשטײַן. זײַן קאָנצערט איז געװען דער לעצטער אין דיזען סעזאָן. ער איז נאָך זײער יונג און שפּילט גאָר נישט שלעכט. איהר װײַסט, (לאַכט) איך האָב זיך אויף זײַן קאָנצערט גוט אײַנגעלאַכט. איהר הערט: לעבען מיר איז געזעסען א יונגערמאַן, װאָס בעזוכט גאַנץ אָפט קאָנצערטען. איך טרעף איהם זאָגאַר יעדעס מאָל. טאָ שטעלט אײַך פאָר, װאָס פאַר א פּראָפּאַנען עס געפינען זיך אויף דער װעלט! װען דער יונגער אַרטור האָט געשפּילט דעם אַלטען רובינשטײַנס קאָנצערט, קערט דער פּאַרשוין זיך אום צו מיר און װײַזט, אַז אין פּראָגראַם שטײַט, דאָס רובינשטײַן שפּילט רובינשטײַנס קאָנצערט... „טאָ װאָס?" פרעג איך איהם... „זײַט נאָר, זאָגט ער, אַזאַ יונגער האָט שוין זײַנע אײגענע קאָמפּאָזיציעס..." װי פערשטײַט מען נישט, אַז אַזאַ מײַסטערװערק האָט נישט געקענט בעשאַפען א 18 יעריג יונגעל, אַז דאָס האָט נאָר געקענט בעשאַפען א גרויסער גײַסט, א אָדלער מיט גרויסע פליגעל...

אסתר.

איהר זענט נאָך א קינד. איהר מײנט, אַז אַלע די, װאָס בעזוכען אַזוי אָפט קאָנצערטען, קומען נאָר צוליב מוזיק?.. דער גרעסטער טײל פערשטײט זי גאָר נישט. די, װאָס זיצען אין די ערשטע רײַהען, די שײנע אויסגעפּוצטע פרויען אין די קאָסטבאַרע קלײדער און רײַכען שמוק — זעלטען פערשטײען זײ און פילען די מוזיק... אָם-מײנסטען קומט מען נאָר װײַזען אײנע דער אַנדערער די טואַלעטען און בריליאַנטען... אַז עס װעט אײַך אַמאָל װאָרפען בלויזען א פרוי פון ערשטער רײַהע, מײנט נישט, אַז דאָס איז פון אַנטציקונג פאַר דער קונסט... דאָס איז אַ פּראָסטער קאַפּריז... ניט בעסער א קוק אויף די גאַלעריע: דאָרט, װי א פערשטאַרטע, זיצט א מײדעל. מיד פון א גאַנצען טאָג אַרומלויפען פון גאַס אויף גאַס, פון שטאָק אויף שטאָק, מיד פון די טעמפּע שילער, בײַ װעלכע זי לאָזט איבער

גאַנצע שטיקער האַרץ פאַר די פּאָר גראָשענס, — קומט זי אײַך הער־
רען . . . זי זיצט מיט פערקוקטע אויגען, וועלכע בײַטען זיך יעדע
מינוט: אָט לײַכטען זײ ווי די לבנה, וואָס שײַנט צו די אַנטלויפענדע
פון קאַלטען צפון . . . און אָט שיטען זײ גאַנצע שטראָמען פונקען . . .
פון אונטער אײַערע פינגער קריגט זיך אַרויס אַ קלאַנג און צעהילכט
זיך אין גרויסען זאַל, — פערבלישטשעט זיך אַ טרער אין איהרע
אויגען, אַזאַ ריינע, ווי דער רײנסטער בריליאַנט . . . ווען איהר בײַט
איבער די טענער אויף אײנציגע, שטילע, און ס'דאַכט זיך, אַז עס
שיטען זיך אײנציגווײַס אויף אַ זילבערנע טאַץ פערעל פון אַ זאַק, צע־
שפּילט זיך אויף איהרע ליפּען אַ ליכטיגער שמײכעל . . . אָט פאַר
איהר איז בעשאַפען די מוזיק! . . . אָט ווער פילט מוזיק!
(אין רעד טיר בעווײַזט זיך בּ י ר נ ב ו י ם).

בּירנבוים.

אסתר'שי, שפּיל נאָר עפּעס אַ פרײליכס . . . הויך . . . ס'מעג
זײַן אַ מאַרש. (א ס ת ר, ווי וואָלט נישט געהערט).

דוד.

ווען איהר וואָלט געוועזען מײַן שוועסטער, אוי, ווי גוט וואָלט
דאָס געוועזען . . . איהר פערשטײַט אַזוי גוט די מוזיק, איהר פילט
זי אַזוי . . .

בּירנבוים (בעווײַזט זיך ווײַטער).

וואָס האָב איך געזאָגט? שפּיל עפּעס: איך האָב דרינגען אַ
קליענט . . . טאָכטער, דו הערסט גאָרנישט?

אסתר.

איך ווײס נישט, וואָס איך זאָל שפּילען.



בּירנבוים.

דו ווײסט נישט? (בייז) אַ מאַרש, נאָר נאָר אַ פרײליכען . . .

אסתר.

איך שפּיל דאָך נישט אַזעלכע . . .

בּירנבוים.

טאָ שפּיל־זשע שוין, וואָס דו ווילסט . . . לאָמיר דאָס מעג איך
האָבען פאַר מײַן געלט . . . וואו איז רעבעקאַ? זי ווײסט שוין, וואָס
מען דאַרף שפּילען, אַז איך הײם . . . (ווערט צוריק פערשוואונדען).

דוד.

אפשר שטער איך אײַך? איהר האָט אפשר קײן צײַט?

אסתר.

נײן, נײן! זיצט, כ'בעט אײַך, איהר האָט מיט זיך מיטגעבראַכט
דייעניגע אַטמאָספערע, מיט וועלכער איך האָב אויך אַמאָל גע־
אָטעמט . . . אָבער איצט (לאָזט טרויריג אַראָפּ דעם קאָפּ), איצט איז מיר אויך
אַ ביסעל שווער און טרויריג . . . כ'האָב, אָבער, געמוזט בלײַבען צוליב
דער טוטער, די מאַמע מײַנע לײַדט אויף אַסטמע, גאַנץ אָפט קריגט
זי אַטאַקען און מוז ליגען גאַנצע וואָכען. איהר געדענקט דאָך די
בריף, וואָס זי פלעגט שרײַבען, איך זאָל אַהײם קומען, אַז עס איז
איהר שווער אַלײן צו זײַן, זי בענקט שטאַרק נאָך מיר . . . מיט מײַן
שוועסטער שטימט זי נישט, ס'קומט גאַנץ אָפט פאַר צווישען זײ
הײמישע קאָנפליקטען, איך מאַך אַלעמאָל שלום. די מאַמע זאָגט, אַז
זי וואָלט נישט געלעבט, ווען איך וואָלט נישט געווען אין דר'הײם . . .
צוליב דעם טאַקע האָב איך געמוזט בלײַבען . . . און צווייטענס, האָב
איך נישט געהאַט קײן גרויסע פעהיגקײטען. קײן קינסטלערין וואָלט פון
מיר סײַ ווי סײַ נישט געוואָרען. (פלוצלונג דערשראָקען) אוי! איך האָב

אינגאַנצען פערגעסען, איך דאַרף דאָך שפּילען (נעמט אַ פּאָר טאַקטען).

ביִרנבוים (בעוויַזט זיך).

אַ דאַנק דיר, טאָכטער'שי, אַ דאַנק דיר! האָסט שוין נישט פאַר וועמען צו שפּילען... דער קליִענט איז שוין אַוועקגעגאַנגען (זעצט זיך אויף אַ פאָטעל, צינדט אָן אַ ציגאַר. ס'קומט אַריין רעבעקאַ מיט צעשויטע האָר: זי האַלט זיי אונטער מיט דער האַנט, גייט צו צו ביִרנבוים'ען).

רעבעקאַ.

טאַטע'שי, דו שלאָפסט היינט נישט נאָך מיטאָג?

ביִרנבוים.

ניין, טאָכטער'שי, אַ קליִענט האָט מיר געשטערט.

רעבעקאַ.

אוי די קליִענטען, זיי לאָזען דיך גאָרנישט אָפּאָטעמען.

ביִרנבוים (שטאָלץ).

עס וואָלט זיך געווינשען אַ וואַרשעווער פּשישעגנלע אַדוואָקאַט צו האָבען אַזאַ קליִענטעלע.

רעבעקאַ.

און אַ סאַרע אונטערשיד איז צווישען דיר און צווישען אַ פּשישעגנלע? פאַר מיר איז דאָס קיין שום אונטערשיד. דו בראָניעסט און ער בראָניעט.

ביִרנבוים (לאַכט).

אוי, ביסטו אַ צוואַניאַקיל, בעקע'שי!



רעבעקאַ (מיקלאָמפּערשט טרויעריג).

פרעג זיך נאָר, אָבער, די מאַמע, וואָס איך בין... זי האָט שוין וויַיטער מיט מיר אָנגעהויבען... כ'האָב געמוזט פון שטוב אַנטלויפען.

ביִרנבוים.

מיט מיר פלעג זי אויך אַזוי פערוואָיעווען אין די פריִערדיגע יאָהרען, (לאַכט) פלעג איך אויך פון שטוב אַנטלויפען. זי האָט שוין אַזאַ נאַטור.

רעבעקאַ.

זי לעבט נאָר פון אַרומקריגען זיך.

אסתר.

רעבעקאַ, דו וואָלסט שוין בעסער אויפגעהערט רייַדען.

ביִרנבוים.

די מאַמעס טאָכטער. זי קען אויך נישט הערען, אַז מען זאָגט אַ וואָר וואָרט אויף דער מאַמען.

אסתר.

איהר האָט אַלעמאָל טענות, ווען עמעץ איז דאָ.

ביִרנבוים.

לאָז זיך דיין מאַמע שעמען.

רעבעקאַ.

דור איז קיין פרעמדער.

אסתר.

קומט, דוד, איך וועל אײַך ווײַזן מײַנע בלומען (גייען צו צום באַלקאָן).

בירנבוים.

רעבעקעשי, הײַם מיר אַרײַנגעבן א גלעזעל טײ.

רעבעקא.

גלײַך, פאַפאַ (גייט ארויס).

אסתר.

איהר זעט, דוד, די קלײַנע בלימלעך אין די טעפלעך? איהר ווײסט, ווי זײ הײסען?

דוד.

נײן, איך קען זיך גאָרנישט אויף בלומען.

אסתר.

דאָס זענען ברידערלעך... קוקט נאָר, ווי זײ זענען אינעווײניג... איהר זעט, זײ האָבען אזעלכע שײנע אײגלעך און א בערדעל; זײ האָבען עפּעס אין זיך פון א מענשליכער צורה... און דאָס איז רעזעדא... גיט נאָר א שמעק, וואָס פאר א פראַכטפאָלער גערוך... דאָס האָב איך אלײן פערזײט... אָבער, דוד, האָב איך געזעהן די טעג א בלום — זי הײסט אָרכידײ — ואָלט איהר וויסען, וואָס פאר א דופט זי האָט — זי מאַכט במעט שכור... און די בלעטלעך איהרע זענען עפּעס אזוי פלײשיג, וואַרם, און האָבען אין זיך (גייט ארויס מיט דוד'ן אויס'ן באַלקאָן) א חײַלקײט פון א פרויענהענטעל... זײ האָבען א זעהר אָריגינעל אויסזעהן (די דינסט ברענגט אַרײַן א גלאָז טײ).



בירנבוים (צופרידענער זי).

יאָ!...

דינסט (מיט א געלעכטער).

יאָ... (גייט ארויס און קערט זי אום צוריק) יאָ, איך האָב נאָר פערגעסען: דער שוסטער וואַרט אין קיך... ער האָט אָפּגעבראַכט דעם העֶר די קאַמאַשען.

בירנבוים.

לאָז ער דאָ אַרײַנקומען מיט זײ..., ס'ווילט זיך מיר נישט אויפשטײן.

אויפטריט מאָטיל.

מאָטיל (אויסגעבלײכט, געצײלטערט, אײַנגעבויגען).

גוט נ'אָוועֶנט!

בירנבוים,

גוט נ'אָוועֶנט... וואָס זענט איהר עפּעס אזוי אײַנגעבויגען, מאָטיל! איהר האָט זיך עפּעס אין אזא קורצער צײַט פערענדערט... איך האָב אײַך שוין טאקי לאנג נישט געזעהן... אזוי אײַנגעבויגען!...
איהר זענט דאָך א יונגער יונג נאָך... און אויך געוועזען אמאל א שטיקעל סאָלדאט... דאַרפט איהר דאָך עפּעס זײַן: בגבורה!...

מאָטיל.

(ענטפערט איהם גאָרנישט, בינדט אויף די פּאַטשײלע און נעמט ארויס פון זײ די קאַמאַשען. ס'קומען אַרײַן אסתר און דוד פון באַלקאָן).

דוד (פערוואונדערט און פערשעמט).

טאטע!

מאטיל (נישט אוועקנעמענדיִג די אויגען פון די קאמאשען).

דוד!

בּירנבּוים.

(ציִט ארויף אויף די פיס די שיִך... אסתּר רופט ארוים דוד׳ן אויפ׳ן באלקאן)

וואסערע שווערע! וואס איז דאס היינט, מאטיִל, — וואס זענען זיי אזעלכע שווערע?

מאטיִל.

זיי זענען נאך נאס... אז זיי וועלען אויסגעטריִקענט ווערען, וועלען זיי זיין לייכטער.

בּירנבּוים.

ניין, מאטיִל, דאס איז נישט דיזעלבע ארבייט, וואס פלעגט זיין אמאל. עפּעס שווער, נישט שיין אפּגעארבּעט. מיִאוסע נאסקעס. נו, מ׳עט מוזען אנהייבען אויסשרייבען שיִך פון ווארשא... איהר, מאטיִל, האט געמוזט אויסשפּיִלען אויף דער לאטעריי — גליִסט זיִך אייך שוין נישט ארבייטען... און צווייטענס, ס׳פּאסט אייך נישט אויך: א טאטע פון אזא זוהן... איהר האט איהם לאטש גוט בעטראכט?.. ער איז דאך א גאנצער פּאניִטש! ס׳פּאסט גארנישט פאר איהם, איהר זאלט זיין א שוסטער... ער איז א געראטענער. איהר האט, דאכט זיִך מיר, נאך קינדער... א סך האט איהר נאך!

מאטיִל (רייסט זיִך ארוים פון פערטראכטונג).

וואס, איהר האט, דאכט זיִך מיר, געפרעגט, ציִ איִך האב נאך



קינדער. א טאכטער און א זוהן.

בּירנבּוים.

איז דאך נישט שלעכט... איִהר בּרויכט נישט אנצוגרייטען א סך נדנ׳ם.

מאטיִל (טרויריִג).

איִך וועל פאר די אויך נישט בּרויכען אנצוגרייטען נדן. די איז א קאליקע: ווער וועט זי דען וועלען?

בּירנבּוים (וועצט זיִך בּעקוועמער אויפ׳ן פאטעל, ציִנדט אן א ציגאר).

און ס׳יונגעל לערנט זיִך עפּעס?

מאטיִל.

ס׳יונגעל איז א שטומער... וויִ קען זיִך אזוינער לערנען?

בּירנבּוים.

האט איִהר דאך עפּעס, מאטיִל, גארניִשט קיין מאוס׳ע גוואר־דיע: שטום, לום, קרום... איִהר — א געוועזענער סאלדאט. אייער יידיִנע — א גאר ניִשטקשה׳דיִגע. זי האט געמוזט זיין אמאל ניִשט קיין מאוס׳ע. פון וואנען נעמט זיִך צו אייך אזעלכע קאליִקעס?... נאר דער איינער דוד. איִהר ווייסט לאטש, אז איִהר וועט פון איִהם אמאל האבען א גרויס נחת?

מאטיִל (שטיִל, וויִ צו זיִך).

יא, ער איז א זער גוט קיִנד.

בירנבוים.

דאָ רעדט מען נישט פון גוט, נאָר ווי פעהיג ער איז. איהר חיים, מאָטיל, (לאַכט) איהר דאַרפט מיר מאַכען אומזיסט שיך. דאָס האָט מיין טאָכטער געמאַכט פון איהם אזאַ ליים. זי האָט עפּעס אין איהם אנטדעקט, ווי זאָגט זי עס? — אַהאַ! „די פונק", רופט זי עס... זי האָט געפינען ביי איהם די פונק פון מוזיק... פון וואַנען קומט עס צו אייך אזאַ זוהן, מאָטיל?... פון וועמען האָט ער דאָס געירש'ענט... איז אימעצער פון אייער, אָדער אייער הייבּם משפחה געווען א געלערנטער?

מאָטיל (געשווינט, צערידערט).

ניין, איך קום אַרויס פון לויטער בעל־מלאכות, און מיין ווייב אויך.

בירנבוים.

יאָ, איך האָב זיך צערעדט... וויפיל קומט אייך, מאָטיל, ביי מיר?

מאָטיל.

ווי אַלעמאָל... נאָר מיין ווייב האָט שוין עפּעס אויף זיי גענומען ביי אייך... ל'האָב זיך פערגעסען זי צו פרעגען... ל'וועל זי איבערשיקען נאָך געלט. (וויל אַרויסגיין) זייד געזונט.

בירנבוים.

מאָטיל, וואו לויפט איהר? וואַרט, וואָס זענט איהר אזוי צעטראָגען. אפשר וועט איהר מאַכען א שנאַפּס? מיר האָבען זיך דאָך אזוי לאַנג נישט געזעהן... ווי איהר האָט זיך פערענדערט! נו, מאָטיל, — מיר וועלען מאַכען א שנאַפּס?...



מאָטיל.

ניין, א דאַנק, איך טרינק נישט.

בירנבוים.

א פּאָקראָקע זענט איהר דאָס עפּעס, מאָטיל. א געוועזענער סאָלדאַט טרינקט נישט קיין שנאַפּס!

מאָטיל.

איך האָב א שוואַכען קאָפּ.

בירנבוים.

אייער זוהן האָט שוין דערפאַר א שטאַרקען קאָפּ. האָ האָ! האָט ער א קאָפּ! דאָס איז א קאָפּ פון קאָפּענגלאַנד! פון וואַנען דער זוהן האָט זיך צו אייך גענומען, פערשטיי איך נישט... אוי, ווען ל'וואָלט נישט געקענט אייער אַלטע — נאָ, נאָ!... וואָלט איך נישט גענלייבט, אז איהר זענט זיין פאָטער. (מאָטעל קוקט איהם אָן מיט הילדע אויגען, ציטערט. בירנבוים גיט איהם א קלאַפּ אין די פּלייצעס) זאָגט נאָר, מאָטיל, אפשר האָט זיך ערגעץ אייער אַלטע פאַסטאַרעט?...

מאָטיל.

(גיט א שפּרינג, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט א וואָרף טון אויף בירנבוימען, און לויפט אַרויס).

בירנבוים (רופט).

מאָטיל, מאָטיל! (לאַכט) דאָס איז א סמאָלעקאָפּ. (רופט דוד'ן) דוד, קומט נאָר אַריין!

(דוד קומט אַריין פונ'ם באַלקאָן) א שיינעם טאַטען האָט איהר!

דוד.

וואו איז ער? ער איז שוין אוועקגעגאנגען?

בירנבוים.

ער איז שוין אינגאנצען משוגע געווארען... כ׳האב זיך געמאכט מיט איהם א געלעכטער, איז ער אנטלאפען, ווי א׳אפגעבריטער.

דוד (דערשראָקען).

אוי, אפשר איז איהם עפּעס. ער פילט זיך איבערהויפּט נישט ווער גוט די לעצטע צייטען... כ׳וועל אהיימלויפען... כ׳בין עפּעס אונרוהיג. אנטשולדיגט מיר, פריילין אסתר... אנטשולדיגט מיר. אז איהר וועט דערלויבען, וועל איך ביי אייך מארגען זיין.

אסתר.

מיט דעם גרעסטען פערגעניגען. מיר ווארטען אייך.

דוד.

אדיע. (גייט ארויס).

(פאָרהאַנג).





# דריטער אַקט.

צווישען צווייטען און דריטען אקט איז איבערגעלאפען א פּאר יאהר.

ביי מאטיל שוסטער אין שטוב איז קענטיג פערארעמטקייט. די זעלבע אויסשטאטונג, וואס אין ערשטען אקט, נאר זער אפגענוצט. איבער די קיך טריקענט זיך אויף א שטריק גרייט. —

ס׳איז בין השמשות. מאטיל, נאך מער געעלטערט, זיצט פער־טראכט לעבען פענסטער, און רעדט עפּעס צו זיך אליין.

אסתר (קומט אריין).

גוט ג׳אוונט, מאטיל. (קוקט זיך ארום) וואס, איער ווייב איז נישטא?

מאטיל.

דאכט זיך מיר, אז זי איז נאר וואס צו אייך געגאנגען, מיט א בריף.

אסתר.

געוויס א בריף פון דוד׳ן?

מאטיל (גלייכגילטיג).

אפשר פון דוד׳ן.

אסתר.

איך בין טאַקי נעקומען אײַך דערצײַלען װעגען איהם... אין אַלע צײַטונגען שרײַבט מען װעגען איהם. (שפרה פאַלט אײַן, שװער אָטעמענדיג).

## אויפטריט שפרה.

שפרה.

אוי, די מאַדאַם אסתר'קע איז בײַ אונז, און איך בין נאָר װאָס געװעזען בײַ איה'ן. זעצען זי זיך, איך בעט איהן. (דערלאַנגט איהר א בענקיל) מאַטיל'שי, פאַר װאָס האָסטו נישט געבעטען זיצען די מאַדאַם אסתר'קע?

אסתר.

ל'דאַנק, כ'בין נישט מיד... איך זיץ גענוג זיך אָפּ גאַנצע טעג... ס'קלײַנטשיקע לאָזט מיך נישט ארוים אויף א װײַלע...

שפרה.

עס איז געקומען א בריף פון דוד'ן, האָב איך געװאָלט, זי זאָלען אזוי גוט זײַן, מיר איבערלעזען. איך בין אַרײַנגעלאָפען צו דער נאַטשעלניטשקע, האָט זי איהם מיר איבערגעלײַענט. זי האָט געעפענט אויף מיר א פּאָר אויגען. אויסער זיך איז די קריסטין געװאָרען: „נאָ, נאָ!" — זאָגט זי — „מאָטלאָװאַ טאָ מאַ סינאַ ניע ושאַרטי!",.. אסתר'קע־לעבען, ער קומט מאָרגען צופאָרען...

אסתר.

אזוי נאָר! און איך בין אײַך געקומען זאָגען װעגען איהם א זעלטענע בשורה.



שפרה.

זי זענען װי א מלאך... אַז זי קומען נאָר אַרײַן, איז שוין פאַר אונז א גוטע בשורה.

אסתר.

הײַנטיגע צײַטונגען שרײַבען װעגען דוד'ען. ער האָט יענע װאָך געגעבען א קאָנצערט, אויף װעלכען ס'איז געװען א פּאָר טויזענט מענשען. מען האָט איהם בעשיט מיט בלומען. די צײַטונגען זענען מיט איהם פערפילט. מ'שרײַבט, אַז מ'האָט שוין לאַנג אין װאַרשא נישט געהערט אזא שפּילען. די קריטיקער, דאָס הײַסט די, װאָס שרײַבען װעגען איהם, זאָגען, אַז ער װעט זײַן דער קעניג פון פיאַניסטען. מ'בעשרײַבט, װער ער איז, פון װאַנען ער קומט ארוים. װער עס איז זײַן טאַטע. (מאָטיל גיט א שפּרינג אויף פונ'ס בענקעל, שטעלט אויס אויף אסתר'ן א פּאָר װילדע אויגען) איצט זענט איהר געהאָלפענע, גליקליכע מענשען, װײַל נאָך אזא קאָנצערט קען איהם בלײַבען א פּאָר הונדערט רובעל. און ער איז דאָך נישט אזא קינד, ער זאָל עס אלײן אראָפּשלינגען. אָט זײַט — קומט ער צולויפען, זיך צוטײַלען מיט'ן גליק. װאָס האָט איהם געטראָפען. (קוקט זיך ארום) נאָר, שפרה'שי, איהר דאַרפט דאָ ברענגען עטװאָס די שטוב צו א אָרדנונג, עס זאָל נישט מאַכען אזא שװערען אײַנדרוק אויף דוד'ען. איהר דאַרפט פערהענגען א פאָראַנג'ל, (װײַזט אויפ'ן קאָמאָד) דעם פוס פונ'ם קאָמאָד דאַרף מען צושלאָגען. דער גאַנצער קאָמאָד פאַלט דאָך אײַן. װאָס, איהר האָט נישט, װער ס'זאָל עס אײַך טון? װאו איז אײַער, װי הײַסט ער — געציל? ער האָט שוין געמוזט פון אײַך אװעקגײן? איך האָב איהם שוין לאַנג נישט געזעהן. אפשר האָט ער שוין חתונה געהאַט?

שפרה.

װער װעט דאָס מיט איהם חתונה האָבען?... װי האָט ער דאָרט חתונה געהאַט! ער איז ארויסגעגאַנגען אויף א װײַלע.

אסתר.

נו, טאַ דאַרפסט איהר הייסען, ער זאָל דאָס צושלאָגען שיקט מיר, שפרה׳שי, צו שפּעטער דינה׳לען, וועל איך איהר פּעס געבען צו פּערפוצען די שטוב.

שפרה.

גלייבען זי מיר, אסתר׳קע לעבען, איך האָב גאר נישט קיין ווערטער אייך צו בעדאנקען פאר אלץ, וואס זי טוען קעגען אונז... לאָז איהן גאָט בעצאָלען!...

אסתר.

אוי, ס׳לוינט נישט גאָר צו רעדען וועגען אזעלכע קלייניגקייטען. (צו מאָטלען) נו, איצט זענט איהר שוין צופרידען, אז דוד איז נישט קיין שוסטער? איהר דאַרפט שטאָלצירען מיט אזא זוהן!

מאָטיל (מיט אַ פריקרע גרימאַס אויף די ליפּען).

אַ זוהן! אַ זוהן — איז אַ זוהן... (בלייבט זיצען מיט אַ טרויריג אראָפּ-בעלאָזטען קאָפּ).

אסתר.

דאָס זאָלט איהר נישט זאָגען. נישט אלע קינדער זענען זיך גלייך.

שפרה.

אוי, אסתר׳קע לעבען, רעדען זי בעסער מיט איהם נישט! מילא, זי ווייסען דאָך יאָ פון מיין גאנץ אומגליק — אַט זעהען זי דאָך, צו א׳סאָר׳ען תכלית ער האָט געבראַכט דאָס גאַנצע הויז מיט זיין חכמ׳ען זיך... ווער, ווי זי, ווייסט אַזוי פון מיין לאַגע?... פאר



וועכען קען מען זיך אזוי אויסוויינען ס׳הארץ, ווי פאר איהן!

אסתר.

זינדיגט נישט, שפרה, זינדיגט נישט, אלץ וועט זיך אויס-היילען...

שפרה.

הלואי, ליבער פאָטער אין הימעל!

אסתר.

איך האָב זיך דאָ פארעדט, און מיין קליינע מוז זיך שוין דאָרט גוט רייסען. איך גיי שוין!

שפרה.

טאָ גייען זי געזונטערהייט.

אסתר.

בעט דוד׳ן, ער זאָל מיך בעזוכען. (גייט צו צו דער טיר) שיקט מיר צו דינה׳לען. (גייט ארויס. מאָטיל בלייבט זיצען, ווי פריהער. שפרה הייבט זיך אָן צו פּאַרען ביי דעם ווירטשאַפט. עס קומט אריין נעציל).

אויפטריט נעציל.

נעציל (דערלאַנגט געלט מאָטלען).

מער ווי אַ גילדען האָט זי נישט געוואָלט געבען פאר די לאָט-קעס. (צו שפרה׳ן) מיסטראָוועשי, איך האָב געטראָפען ארויסגיין די מאַדאַם אסתר׳קע... זי איז אודאי געוועזען ביי אונז.

שפרה.

יא, לעבען זאל זי! — זי איז דא געוועזען. זי איז אונז געקומען זאגען א גוטע בשורה פון דוד'ען. ער האט געגעבען קאנצערט. זי האט דאס געלעזען אין די צייטונגען וועגען איהם. עס איז געוועזען אויף דעם קאנצערט א פאר טויזענט פערשוין. זי זאגט, אז ער פערדינט א סך געלט פון אזא קאנצערט. ער קומט מארגען צו־פארען.

נעציל.

(גיט א שפרינג אויטער, לויפט צו צו מאטל'ען, כאפט איהם אן ביי די הענט, ווי ער וואלט געוואלט איהם כאפען צו טאנצען. שרייט).

ביימסטער! מייסטראוועשי! איהר וועט זעהן: דוד וועט נאך זיין א מיליאנטשיק. לי־לי־לי!... אוי, לעבען זאל די גוטע אסתר'קע פאר די בשורה... אוי, כ'האלט עס נישט אויס... אוי איז זי א גוטע, איז זי א גוטע! אלץ דורך איהר, אלץ דורך איהר!... ער קומט מארגען, אוי, מארגען קומט ער!

שפרה.

שפאס, איז זי א נשמה!... און אזוינס דוקא שטראפט גאט. איז זי, נעבעך, צוריקגעקומען צום משוגע'נעם טאטען מיט צוויי קינדער. זי זיינט, נעבעך, אליין. ווי אויסגעבלייכט זי איז געווארען! א שאד, עס זאל איהר א נעגעלע וויי טון... זי האט, נעבעך, נישט געוואלט אויף קיין אופן חתונה האבען מיט דעם... פון וואנען קומט זי, אזא איידעל קינד, צו אזא פראסטאטשיסקע?! נאר דער טאטע — ער האט איהר געמאכט א האלבען טויט... איהם האט געפעלען דער שידוך... ער האט מיט איהם געשפילט גאנצע טעג און נעכט אין קארטען.

נעציל (שאקעלט טרויעריג מיט'ן קאפ).

אוי, א שאד! א שאד, נעבעך! זי איז אזא גוטע... מיט יערען



שמועסט זי זיך אויס. זי איז נישט שטאלץ ביי זיך, ווי איהר שוועסטער.

שפרה.

א שיינער חילוק זי צו איהר שוועסטער... נעציל'שי, ווייסט, אפשר וועסטו אהינגעיין צו איהר. זי דארף מיר עפעס געבען. זי האט געהייסען שיקען דינה'לען, נאר דינה'לע וועט נישט וועלען גיין. זי וועט קומען שפעט פון די ארבייט און מיד. גיי, נעציל'שי. אסתר'קע האט זיך אפילו געפרעגט אויף דיר. זי האט דיך שוין לאנג נישט געזעהן, זי האט געמיינט, אז דו האסט שוין חתונה געהאט.

נעציל (לאכט).

אוי, איך האלט עס נישט אויס! זי האט זיך געפרעגט, צי איך האב שוין חתונה געהאט?

שפרה.

וואס לאכסטו אזוי? דו מיינסט, אז ס'איז נאך נישט די צייט אויף דיר? — א יונג פון עטליכע און צוואנציג יאהר!

נעציל.

מייסטראוועשי, א לאנג לעבען אויף איין! (לאכט) לי, לי! ווער וועט דאס וועלען מיט מיר חתונה האבען?

שפרה.

נאר וואס דען, וועסט אייביג מיט אונז די בירע קליעפיקן?

נעציל.

מייסטראוועשי, אייביג אזוי, אייביג אזוי!

שפרה

אײַבּיג מיט אונז די בּידע קליעפּיען !!

נעציל (פרײליך)

און צוהײַטענס, מײַסטראָוועשי, ווײַסט איהר וואָס ? דוד וועט אודאי האָבּען זײַן אײַגען הויז, וועט ער מיר דאָרט אָפּגעבּען א קלײַן שטיבּעלע, וועל איך זיך דאָרט פערלײַגען א וואַרשטאַט פאַר זיך. אפשר דעמאָלט וועט מיך ווילען עפּעס א כּײַדעל.

שפרה (צו מאָטלען).

העדסט, אויף וואָס ער האַרט ? הערסט, מאָטיל'שי ? אַז דוד וועט האָבּען אַנ'אײַגען הויז, וועט ער איהם אָפּגעבּען א שטיבּעלע אויף אַ וואַרשטאַט. ער לאָטש שעפּט נחת פון דוד'ן. נישט אַזוי, ווי דו, מאָטיל'שי ! (מאָטיל זיצט פערטראַכט, ווי ער וואָלט גאָרנישט געהערט).

נעציל.

מײַסטראָוועשי, איך לויף צו אסתר'קען, (גייט ארויס).

שפרה (צו מאָטלען).

ד'הערסט גאָרנישט, וואָס מען רעדט צו דיר !... דו האָסט גאָרנישט געהערט, וואָס איך האָבּ דאָ יעצט גערעדט צו דיר ?

מאָטיל (עפענט ברייט די אויגען, און קוקט אן שפרה'ן).

הא ! וואָס זאָגסטו ?

שפרה.

האָסט גאָרנישט געהערט, וואָס נעציל האָט דאָ גערעדט ? ער



וואַרט, בּיז דוד וועט האָבּען זײַן אײַגען הויז, וועט ער זיך דאָרט פערלײַגען אַנ'אײַגענעם וואַרשטאַט...

מאָטיל.

וואָס א נאַר קען זיך אײַנ־רעדען.

שפרה

אוי, הלואי זאָל אין זײַנע ווערטער זײַן אַ נביאה'שאַפט. אוי, מאָטיל'שי ! גאָט זאָל זיך עפּעס אויף אונז דערבּאַרמען ! — וואָס פון דיר איז געוואָרען !... זע, צו וואָס דײַן טראַכטען האָט געבּראַכט, וואָס פאַר אַנ'אָרעמקײַט בּײַ אונז איז. מישטײַנסנעזאָגט, אַ קינד קומט צופאָרען ; נישט געזעהן איהם א פּאָר יאָר, — אין שטוב איז נישטאָ גאָרנישט אָנצוגרײַטען עפּעס פאַר איהם. און דאָס אַרט דיך גאָרנישט ! אָפּגעלאָזט זיך פון די אַרבּײַט. גײט אַרום גאַנצע טעג פערטראַכט...

מאָטיל (זיצט מיט אראָפּגעלאָזטען קאָפּ).

רעד נישט, שפרה'שי, רעד נישט !

שפרה.

כ'וואָלט נישט געוואָלט רעדען, אָבּער מײַנע צרות לאָזען מיך נישט שווײַגען. אזא גאָלדענער בּעל־מלאכה, ווי דו בּיסט געוועזען ! דו האָסט געהאַט די שענסטע גאַספּאָדעס. יעצט בּיסטו געוואָרען א לאַציאַרוש... אוי, מאָטיל'שי, וואָס האָסטו געטון ! וואָס האָסטו געטון ! וואָלסטו לאָטש געאַרבּעט און פער'שכור'ט דאָס געלט, פערשפּילט אין קאָרטען — וואָלט מיך שוין נישט אַזוי געקרענקט, ווי דאָס : א מענש, קײַן עין־הרע, געזונט און בּײַ'ם פולען שכל, פלוצלונג טשעפּעט זיך צו עפּעס א קליפּה, און ער הײבּט אָן טראַכטען אין די וועלט אַרײַן. און טראַכט, און טראַכט...

מאטיל.

כ'בעט דיך, שפרה'שי, רעד נישט, רעד נישט!

שפרה (מיט א ציטערדיגע שטימע).

וואלט איך כאטש געוואוסט, וועגן וואס דו טראכסט! וואלט איך כאטש געוואוסט, וואס דיר איז. גאט מיין איינציגער! (צעוויינט זיך) כ'בעט דיך, זאג מיר, אפשר איז דיר עפעס? אפשר בין איך נישט גוט צו דיר? (רוקט זיך נעהנטער צו איהם צו, וויינט שטארקער) מאטיל'שי, דערבארם זיך איבער מיינע פאר יאר, זאג מיר, וואס מיט דיר איז?

מאטיל.

גאר נישט, גאר נישט, שפרה'שי!

שפרה.

ניין, דאס איז נישט אמת! איך הער, אז דו שלאפסט נישט ביינאכט, קרעכצסט גאנצע נעכט, אז ס'שניידט זיך מיר דאס הארץ...

מאטיל.

גלייב מיר, שפרה'שי, גארנישט. דו קרעכצסט אויך ביינאכט גאנץ אפט.

שפרה.

דו ווילסט מיר נישט זאגען! איין גאט אין הימעל ווייסט נאך, וואס פון דעם אלעם וועט ווערען.

מאטיל.

ס'וועט גארנישט זיין, ס'וועט גארנישט ווערען, שפרה'שי.



געציל (פאלט אריין מיט א העקעל, קוקט אויף זיי ביידע, זעהט, אז זיי וויינען)

גאט איז מיט אייך, מייסטער! גאט איז מיט אייך, מייסטראָוועשי! וואס איז דאס? וואס איז היינט, יום כפור? שעמט אייך. ס'וואלט אזוי א פרעמדער אריינגעקומען — וואס וואלט ער געזאגט? געציל זאל זיך אזוי צעוויינען — מא! ווייסט מען, אז געציל איז א נאר, אבער איהר זענט דאך קלוגע! אט, זעהט בעסער, מייסטראָוועשי, וואס אסתר'קע האט מיר דא אנגעלעגט. (הייבט אן ארויסצולייגען) א קלייד פאר אייך, א ספודניצע פאר דינה'לען, א פארהאנגעל, פאר אייך א פארטוך, מייסטראָוועשי. (מעסט עס זיך צו) צו קורץ אויף מיר! און נאך עפעס פאר אייך, מייסטראָוועשי, (שטעקט איהר אין דער האנט געלט) אוי, מייסטראָוועשי, האט אסתר'קע שיינע קינדער. דאס עלטערע האט מיר געגעבען ס'הענטעלע. ס'רעדט שוין. אוי, ווי שיינע קינדער, קיין עין-הרע.

שפרה.

(ווישט זיך אפ די אויגען מיט'ן פארטוך, נעמט ס'פעקעל ביי געצעל'ן, לייגט עס אויפ'ן בעט).

זאל איהר גאט געבען אלדעס גוטס. (גייט צו, צינדט אן א לעמפעל).

געצעל.

יא, איך האב גאר פערגעסען, — אסתר'קע האט מיר געהייסען צושלאגען דעם פוס צום קאמאד. מייסטראָוועשי, גיט מיר א פאר גראשען אויף צוועקעס.

אויפטריט דינה'לע.

דינה'לע (שווער אטעמענדיג).

מאמע, דוד קומט מארגען צופארען?

שפרה.

אָ, ביסט געדעכט, ס'וועט שוין גארנישט ווערען. ערגער, ווי עס איז, קען שוין נישט זיין... אט קומט צופארען דאס אָרעמע קינד, און וועט טרעפען דעם טאטען אין אזא לאגע... גאט מיין איינציגער, אזא אָרעם קינד! מוז שוין אויך האבען זיין צרה, אזא קינד! ווען נישט ער — הא, הא! וואס וואלט שוין מיט אונז געוועזען איצט. מען וואלט געמוזט ארומגיין בעטלען, ווען ער וואלט נישט געשיקט יעדען חודש געלט. און צו האט ער, חלילה, איינמאל פערגעסען, אדער זיך פערזוימט — זאל גאט אָפּהיטען! און ווער ווייסט, ווי שווער דאס געלט איז איהם אנגעקומען, אין א סאר'ע שווערע הארעוואניע. אפשר האט ער זיך נישט איינמאל, נעבעך אפגעזאגט אין עפּעס. נישט אומזיסט איז ער שוין נישט געוועזען די פאר יאר. מסתמא, האט ער נישט געהאט פאר וואס צו קומען צו־פארען. פון וויפיל יאר ארבעט ער שוין, נעבעך, אויף אונז. שיין נחת וועט ער דאס האבען פון זיין טאטען. דער טאטע איז שוין איצט א ביישפּיל פאר דער גאנצער שטאדט. אז עס וויל זיך איטעצע אויסשטעלען די ציין, שטעלט ער דיך פאר א ביישפּיל. זאגט: „וועסט זיך אויסארבעטען, ווי מאטיל שוסטער“.

מאטיל.

מ'שטעלט מיך פאר א ביישפּיל, פאר א ביישפּיל!.....

שפרה.

יאָ! פאר א פינסטערן ביישפּיל.

מאטיל.

פאר א פינסטערן ביישפּיל. (צעוויינט זיך).

שפרה.

אט נא דיר, וויינט ער שוין אויך.



שפרה.

יאָ! פון וואנען ווייסטו, דינה'לע?

דינה'לע.

נעציל איז דאך ביי מיר געווען, ער האט אנגעטרעטען, צו־ריקגייענדיג פון אסתר'קען.

שפרה.

ער האט שוין בעוויזען ביי דיר אנצוטרעטען אויך?

נעציל.

נו, וואס דען, מייסטראָוועשי, דינה'לע זאל נישט וויסען צום געשווינטסטען? דינה'לע מוז וויסען די ערשטע, כי, כי!

דינה'לע.

און די גאנצע שטאדט ווייסט דען שוין נישט? נעציל האט שוין צעפּויקט אויף אלע זייטען שטאדט.

נעציל.

אזא נעציל, וואס, דינה'לע? אזא משוגע'נער נעציל! באלד צע־פּויקט ער אלץ! כי, כי, כי!

דינה'לע.

ווייסט, מאמע, מיין מייסטעראָווע, אז זי האט דערהערט, איז זי אויך געוואָרען א ביסעל וויילער. נאר זי מעג א פגירה איינגע־מען, ווי גוט זי איז! אפשר מיינסטו, זי האט מיך געלאזט אפּטשע־פּען דאס פּארטוכטשיגע? אך! זי האט געפונען א תירוץ, אז די מאשין איז נישט אויסגעאיילט.

שפרה.

דינה'לע, עס עפּעס און לייג זיך, מען דארף היינט מאכען פרי נאכט, (דערלאנגט איהר א שיסעל מיט עסען) ווייל מ'מוז מארגען פרי אויפשטיין.

דינה'לע. (קוקט אריין אין שיסעלע)

אוי, אלעמאל דאס אייגענע! ווי ווערט עס דיר נישט פערמיאוסט צו קאכען! מיר ווערט שוין פערמיאוסט אויף דעם צו קוקען.

נעציל.

ווארט, צאצקעלע, אז דוד וועט אונז נעמען צו זיך, וועלען מיר שוין האבען איינמאל גוטע עסענס. כי, כי, כי!

דינה'לע.

אהא! גוט נ'אוועגט קאזע! ער מיט דוד'ן! רעדסט א ווארט — שפּרינגט ער ארויס מיט דוד'ן.

נעציל.

אוי, דינה'לע, דינה'לע, א נישט וויסטו נישט, אז איך זאג נישט קיין ליגענט.

דינה'לע.

מאמע, אפשר וועט דער נארטשיסקא אויפהערען?! (בייז) איך זאג, אז דאס עסען איז מיר שוין מיאוס געווארען, און ער קלאפּט מיר דעם קאפּ מיט דוד'ן. (הייבט זיך אויף פון בענקעל, שטעלט אנידער ס'שיסעלע, הייבט זיך אן אויסצוטון. געגעצט) אוי, בין איך דאס היינט מיד. אז די מיסטראוועס מיינע הייבט מיך אן ארומשיקען — איז פון אין דערפרי ביז ביינאכט. כ'זאג דיר, מאמע, כ'וועל זיך ביי איהר גארנישט אויסלערנען. (לייגט זיך אין בעט).



נעציל.

אויף א כפרה וועסטו, דינה'לע, דארפען זיין א נייטארין, אז דוד וועט אונז נעמען צו זיך.

שפרה.

נעציל, כ'בעט דיך, הער שוין אויף! לאז שוין זיין נענונג אויף היינט! כ'בעט אייך, לעגט זיך פריער שלאפען

נעציל.

באלד, באלד, מיסטראוועשי. (שפרה לעגט זיך אויך אינאיינעם מיט דינה'לען)

נעציל. (וויזט כאטל'ען אנ'אלטען שיך)

מיסטערשי, אפשר וועט מען איצט פעררי‌כטען — מארגען וועט אודאי די מיסטראוועשי גארנישט לאזען טון.

מאטיל.

גיב מיר אהער. (נעמט ארויס געצל'ען פון האנט איין שיך, וואצט איהם ארויף אויף א קאפּיטע)

נעציל.

אוי, מיסטערשי, וואלט איך שוין געוואלט זיין דוד'ן. מוז ער שוין זיין א פריץ פון פריצים-לאנד. אוי, מיסטער-לעבען קרוין, איז ער א שיינער. ווי ער זייט אוים אויפ'ן פאטאגראף... איצט, האב איך מורא, וועט ער שוין נישט געבען די האנט געצל'ען. (קוקט זיך אן זיין האנט) א שיינער אונטערשיד — מיין האנט און זיין האנט: — מיין לאפּע און זיין חיים הענטעל. מיין האנט קען איך שוין נישט דערוואשען פון סמאלע, און זיין הענטעל איז ווי ביי דער שענסטער פריילין.

מאַטיִל.

דו האָסט זיִך שוין צערעדט, גנעציִל?

נעציִל.

אוי, מייַסטערשי, וואָס איז מיִט אייַך: אפילו איִן אַזאַ טאָג אַזאַ טאָג לאָזט איִהר זיִך ניִשט פרייַען. אַזוינע גוטע בשורות פון דוד, און מאָרגען קומט ער צופאָרען, און איִהר פרייַט זיִך אַליין ניִשט, און לאָזט זיִך מיִך אַליין ניִשט פרייַען. אוי, מייַסטער-לעבען, איִהר בּרויכט צו ווערען בּרייַטער ווי לענגער פון דעם זוהן. (וואַרפט אַוועק די קאַפּיטע־לויפט צו צו דער וואַנט, נעמט אַראָפּ אַ פאָטאָגראַפיע, ווייַזט זי מאַטל'ען) זייַט נאָר, מייַסטערשי... אוי, איִך האַלט עס ניִשט אויס... קוקט איִהם נאָר אָן! זייַט נאָר זייַנע האָר, מייַסטער-לעבען! אוי, מייַסטער-לעבען, אוי, איִך האַלט עס ניִשט אויס, ווי שיין ער איז, כּי, כּי, כּי!

מאַטיִל.

זאָגסט, אַז ער האָט? שיינע האָר? ער האָט אַזעלכע, ווי איִך?

נעציִל (לאַכט)

אוי, אַזעלכע האָר, ווי איִהר?! ניִשט איִהר און ניִשט די מייַס-טראָווע, און ניִשט דינה'לע האָבען אַזעלכע האָר. אוי, איז דאָס האָר! ווי פעלע, און בּליִשטשען ווי גאָלד. און איִהר, מייַסטערשי, האָט דאָך אויפ'ן קאָפּ גאָר קיין האָר ניִשט, נאָר וואָס איִן די בּאָרד, זענען זייַ שוואַרץ-גרוי (מאַטיִל ניִט זיִך מאַשינאַל אַ טאַפּ איִבער'ן קאָפּ). און ווי לאַנגע — ווי בּייַ אַ מיידעל. אפילו דינה'לע האָט ניִשט אַזעלכע לאַנגע. (פּויזע) און די אויגען. אוי, וואָס פאַראַ אויגען. אוי, איז דאָס אויגען! ווי זייַ וואָלטען גערעדט.

מאַטיִל (קוקט, צו שפּרה שלאָפט)

אָבער אויגען האָט ער אַזעלכע, ווי איִך.



נעציִל.

אוי, מייַסטערשי, איִהר האָט אַזעלכע, ווי אָפּשאַנע בּיִר, און דוד האָט אַזעלכע העל-בּלויע, ווי דער היִמעל איִן אַ שיינעם זומערטאָג.

מאַטיִל.

בּיִסט אַ נאַר. דו געדענקסט שוין ניִשט, וואָספאַרע אויגען ער האָט.

נעציִל.

שיין געדענק איִך שוין ניִשט, כּי, כּי, כּי! וואָס איִך געדענק שוין ניִשט!

מאַטיִל.

(קרעכצט שווער אָפּ, ריִקט זיִך צו נאָהנטער מיִט דער שטיִל צו נעצלין. מיִט געבּעט איִן די אויגען).

אָבער דעסטוועגען איז ער צו מיִר ענליִך, וואָס, נעציִל'שי?

נעציִל (פערוואונדערט).

וואָס? אָך! ער איז גאָר צו קיינעם פון שטוב פאָראָבּנע.

מאַטיִל (טרויריִג):

צו קיינעם, זאָגסטו, צו קיינעם?

נעציִל.

צו קיינעם. איִך וועל ניִשט זאָגען: איִן זייַן געלערנטקייט. קיינער איִן שטוב קען קיין אות איִבּערלעזען. דינה'לע האָט זיִך געלערנט בּייַ'ם בּעהעלפער מעהר ווי אַ זמן, און קען ניִשט קיין א. ב., און ער איז אַזוי פליִנק צום לערנען. און ווער האָט געקענט פון אייַך שפּיִלען אויפ'ן פּאָרטעפּיאַן. אפשר די מייַסטראָווע? אפשר דינה'לע? כּי, כּי, כּי!

**מאָטיִל** (מיִט כּעס, גיִט אַ געשריי אַרויס):

שווייַג, נאַר אייַנער. דו האָסט שוין צולאָזט דייַן צונג! (גנעציִל קוקט אויף איהם דערשראָקען. מאָטעל שטאָמעלט צו זיִך אַליין) מייַנע אבות אבותינו האָבען ניִשט געקענט שפּיִלען, זענען ניִשט געוועזען קיין מוזיִקאַנטען... מייַנע אבות אבותינו... ער האָט עס גע'ירש'ענט... ס'איִז אַ ירושה, אַ ירושה!... (בלייַבט זיִצען מיִט אַראָפּגעלאָזטען קאָפּ און שעפּטשעט צו זיִך אַליין. פּלוצליִנג גיִט ער זיִך אַ האַסטיִגען הייב אויף) גנעציִל, גיי שלאָפען. הערסט, לעג זיִך שלאָפען. איִך גיי זיִך אויך לעגען.

**גנעציִל.**

(ציִט אַרויס פון אונטער אַ בעט אַ זאַק מיִט שטרוי, לעגט איהם אַניִדער איִן אַ וויִנקעל, לעגט זיִך צוזאַמען א קליין קיִשעלע, לייענט קריאת שמע. נעמט פון זיִך אַראָפּ די קאַפּאָטע און דעקט זיִך מיִט איִהר איִבער).

**מאָטיִל.**

(בלייַבט נאָך זיִצען אַ ווייַלע. — פאַרדרייט ס'לעמפּעל. — לעגט זיִך איִן בעט. — פרעגט שטיִל).

גנעציִל, דו שלאָפסט?

**גנעציִל** (ענטפערט ניִשט).

(פויזע. — ס'הערט זיִך מאָטיִלס קרעכצען. — די לבנה שייַנט אַרייַן).

**מאָטיִל.**

(נאָך אַ ווייַלע, גייט אַראָפּ פון בעט, גייט צו צום וואַרשטאַט, נעמט ס'שוסטער-שיִשעל מיִט'ן בענקעל. שטעלט אייַנס אויפ'ן אַנדערן אַרויף לעבען די קיִך. נעמט אַראָפּ ס'גרייַט פון שטריִק, לעגט עס אויף זייַן בעט, שנייַדט אָפּ דעם שטריִק פון איין זייַט, קריִכט אַרויף אויף די בענקלעך, און דרייט אַרום דער שטריִק אויפ'ן האַלדז.

**גנעציִל** (שפּריִנגט אויף פון גלעגער דערשראָקען, שרייַט אַרויס):

מייַסטער, גאָט איִז מיִט אייַך, וואָס טוט איִר?!!



**מאָטיִל** (וויִקעלט שנעל אָפּ דעם שטריִק פון האַלדז און שפּריִנגט האַסטיִג אַראָפּ).

שאַ!...

**גנעציִל.**

אוי, מייַסטער. (ציִטערט) מייַכטער!...

**שפרה** (איִבערגעוועקט, דערשראָקען)

וואָס טוט זיִך דאָ עפּעס? וואָס שרייַסטו, גנעציִל?

**מאָטיִל** (שנעל).

גאָרניִשט, גאָרניִשט, שלאָף.

**שפרה.**

ל'האָב דאָך געהערט גנעציִל'ס געשריי.

**גנעציִל** (ציִטערט, מיִט אַ כלומרשט'ען געלעכטער):

אוי, מייַסטעראָווע'שי, אוי, דער מייַסטער מאַכט זיִך נאַריִש, ווי אַ קיִנד!...

**שפרה.**

אוי, ווי איִז מיִר, איִך האָב דאָך מיִך איִבערגעשראָקען צום טויט... אוי, ווי איִז מיִר!... איִן מיִטען דער נאַכט אַזעלכע קולות! וואָס פאַר אַ נאַריִש מאַכען, וואָס רעדסטו, גנעציִל?

**גנעציִל.**

ס'וואָלט פּשוט געפּאַסט אַזאַ נאַריִש מאַכען זיִך (שטאָמעלט) פאַר גנעצליִן. אָט, ווען גנעציל (קוקט דערשראָקען אויף מאָטלין) מאַכט אַזעלכע קונצען, איִז עפּעס אַנדערש...

**שפרה.**

גנעציִל, געדענק איִן אייַן נאַכט, וואָס פאַר אַ קונצען האָט ער

געמאַכט! זאָג, וואָס איז דאָ געוועזען?

מאָטיל. (שטייט די גאַנצע צייט, ווי פערשטאַרט)

גאָרנישט, שפרה'שי! אָט האָבען מיר זיך אַ ביסעל געוויצעלט.

געציל.

יאָ, מײַסטראָוועשי (פלאָנטעט זיך) יאָ, כ'זאָל אזוי לעבען, געוויצעלט, געוויצעלט, יאָ, כ'זאָל אַזוי לעבען, אַ געלעכטער.

שפרה.

פאַר וואָס שלאָפט איהר נאָך נישט? גאָט מײַן אײַנציגער! מאָטיל'שי, דו ווייסט דאָך, אַז מ'דאַרף פריה אויפשטײַן!

דינה'לע.

כ'זאָג דיר, מאַמע, ס'איז אַן אומגליק מיט דעם נאַרישען געצלען. ס'איז שוין צײַט, מען זאָל זײַנע פטור ווערען. וואָס ער טוט אָן איז גאָרנישט איבערצוהאַלטען. אַ פגירה זאָל ער אײַננעמען! אַלץ טוט ער אָן. אין מיטען דער נאַכט פאַלט איהם אײַן צו וויצלען זיך!.. און דער טאַטע, מײַנסטו, איז בעסער פון איהם. ער האָט פונקט אַזוי פיל שכל, ווי געציל, אַז ער וויצעלט זיך מיטען דער נאַכט מיט איהם. לייג זיך שוין שלאָפען, נאַרטשיסקע.

געציל (שלעפט זיך אויטאָמאַטיש צו זײַן געלעגער).

שפרה.

מאָטיל'שי, לייג זיך שלאָפען.

מאָטיל (גייט צו צום בעט.)

(פאָרהאַנג).

* * *



# פערדער אַקט.

---

דיזעלביגע שטוב. — אויף מאָרגענס. — געציל זיצט פערטראַכט. — שפרה פּאָרעט זיך אַרום. — לאה גייט איהר נאָך. — עס קומט אַרײַן אַ בעטלער.

בעטלער.

גוט מאָרגען אײַך.

געציל.

גוט מאָרגען — גוט יאָר! (קוקט זיך צו צו דעם בעטלער) אַ זיידע'שי. איך האָב אײַך דערקענט: דאָס זענט איהר פאַר אַ פאָר יאָר געוועזען בײַ אונז.

בעטלער.

ס'קען זײַן, אַז כ'בין דאָ אויך געוועזען.

געציל.

איהר געדענקט נישט, זיידע'שי? אָבער איך געדענק אײַך גוט. זעצט זיך, זיידע'שי! (העלפט זיך זעצען דעם בעטלער) עס איז שוין אַ שיינע פאָר יאָר, ווי איהר זענט דאָ געוועזען.

בעטלער.

ס'קען זײַן... כ'קום אומעדום.

### נעציל.

כ׳געדענק אפילו, זיידע׳שי, אז איך האב אייך דעמאלט געווינשען, איהר זאלט לעבען הונדערט און צוואנציג יאר, האט איהר זיך אויף מיר אנגעבייזערט. כ׳געדענק אפילו, אז איהר האט מיר אויף דעם געענטפערט: „שעלט מיך נישט, מיין קינד“! זייט זשע, זיידע׳שי, דאבען מיר זיך דערלעבט ווידער צו זיין... אז מ׳לעבט, דערלעבט מען אלץ.

### בעטלער.

ביסט גערעכט, מיין קינד, אז מען לעבט, דערלעבט מען אלץ: גוטס, שלעכטס... טיילמאל איז, אבער, בעסער נישט צו דערלעבען...

### שפרה (קוקט אן דעם בעטלער).

אודאי איז בעסער שלעכטס נישט צו דערלעבען. איהר האט אודאי היינט נאר נישט געגעסען. כ׳האב, אבער, נאר קיין ווארעמס נים צו געבען. נא׳ט אייך כאטש א גראשען (גיט איהם ארויס פון דער קעשענע א גראשען). א שאד, זיידע׳שי, אז איך קען אייך היינט עפעס אנדערש נישט געבען. פונקט איז ביי אונז אזא גערודער: ס׳קומט צופארען מיין זוהן, וואס איז שוין נישט געוועזען ביי אונז עטליכע יאר.

### בעטלער (רעדט נאך).

זוהן, וואס איז שוין נישט געוועזען עטליכע יאר. (הייבט זיך אויף, קוקט אין פענסטער אויפ׳ן הימעל)

### נעציל.

רוהט זיך נאך עטוואס אפ, זיידע׳שי.

### בעטלער.

ניין, ניין, מיין קינד, כ׳מוז גיין: אויפ׳ן הימעל קלויבען זיך איינציגווייז צוזאמען שווארצע וואלקענס, — אז זיי וועלען זיך צונויפגיסען, וועט פון זיי ארויסזעצען א גרויס געוויטער, און איך



דאב נאך צו גיין און גיין... זייט געזונט. (גייט ארויס. — נעציל בלייבט זיצען טרויריג פערטראכט).

### שפרה (צו נעצלין).

וו.ס ביסטו עפעס געבליבען זיצען אזוי מרה שחורה׳דיג? דו פערטראכסט זיך שוין אויך?

### נעציל (שטיל, ווי צו זיך).

כ׳האב שוין אלץ פערזארגט. דעם פוס צום קאמאר צונעשלאגען, דעם פארהאנג פערהאנגען. כ׳האב שוין נישט וואס צו טון.

### שפרה.

האסט נארנישט, וואס צו טון? איהר האט דאך געהאט געלטען עפעס צו פערדערלטען?

### נעציל.

מען האט שוין פערדעלט. ס׳איז געוועזען א קליינינקייט: נאר א לאטקעלע צונייען... (צו זיך) נאר לאטקעס און לאטקעס. אוי, ווי לאנג האט זיך שוין נישט געוויזען ביי אונז א שטיקעל נייע ארבייט! אלץ נאר לאטעס און לאטעס. און די לעצטע צייטען איז שוין קיין לאטעס אויך נישטא (טרויריג) אפשר וועט איצט גאט עפעס געבען. די נאטשעלניטשקע האט גערופען דעם מייסטער. אוי, א שטיקעלע נייע ארבייט! דאס וואלט דעם מייסטער אויפגעהייטערט. כ׳וועל איהם אנטקעגען גיין. (גייט ארויס).

### שפרה.

וואס איהם וועט שוין אויפהייטערען!... ווען ער וואלט געשטאנען וועגען ארבייט, וואלט ער נישט אזוי אויסגעזעהן, ער וואלט נישט אזוי ווייט זיך אפגעלאזט... אזוי ווייט זיך אפצולאזען! אזוי ווייט, גאט מיין איינציגער! (פויזע) וואלט איך כאטש געוואוסט, וואס איהם איז! פון א פאר יאר נייט ער ארום פערטראכט. טאג און נאכט האלט ער נאר אין איין טראכטען. ווען דו גיסט איהם א רוף,

ווילסט מיט איהם רעדען, גיט ער זיך אַ לאַפּ־אויף, ווי פון שלאָף.

לאה.

אפשר איז ער קראַנק?

שפרה.

זאָל גאָט אָפּהיטען! אַזוי איז ער, אַראַנקען־גאָט, געזונט. נאָר כ'ווייס נישט, לאָמיר שטאַרב, חלילה, אויפ'ן אָרט, וואָס איז איהם. אַז ל'פרעג זיך ביי איהם, וואָס ג'יז איהם, מיט גוטען און בייזען, צעוויינט ער זיך, ווי אַ קינד. אָט איצט נעכטען האָב איך געהאַט מיט איהם אַזאַ סצענע. ער האָט נאָר איין ענטפער: „ס'דאַכט זיך דיר... סאיז מיר גאָרנישט". און אַזוי שוין פון יאָרען אָן... אָך — און אַזוי אין אַלעמען איז ער אַ מאַן אויף אַלע כשר'ע יידישע קינדער געזאָגט: ער האָט נאָך, חלילה, מיר נישט געזאָגט קיין שאַרף וואָרט. נאָר דאָס איינע, דאָס, וואָס ער האָט זיך אַזוי אָפּגעלאָזט פון די אַרבייט, דאָס איז, נעבעך, אַ גרויס אומגליק פאַר אונז. אָך און ווייַ איז צו מיינע יאָר: ווען נישט דוד, ווען נישט דאָס אָרימע קינד, וואָלט דאָך שוין איצט אויסגעקומען צו גיין אין די הייזער...

לאה.

(שטייט לעבען קאָמאָד און קוקט זיך צו צו דער פאָטאָגראַפיע, וואָס הענגט אויף דער וואַנט)

הערסט, שפרה? איז ער ענליך צו שמשון'ען — מערקווירדיג! חייסט, אַז כ'האָב געגעבען אַ קוק אויף דעם פאָטאָגראַף פריער, איז מיר אַדורך אַ שוידער. (קוקט זיך ווייטער צו) ווי מען וואָלט פון יענעם די הויט אַראָפּגעצויגען און אויף איהם אויפגעצויגען... הער, שוועסטער'שי! איך האָב שוין פיל מאָל געטראַכט וועגען דיין מאַנס אָפּלאָזען זיך אַזוי ווייט, און כ'בין געקומען צום בעשלוס, צי שטויסט ער זיך עפּעס נישט אָן?... אפשר האָט איהם אימעץ עפּעס געזאָגט?

שפרה (שנעל, דערשראָקען).

וואָס רעדסטו, גאָט איז מיט דיר! ווער וואָלט געקענט איהם עפּעס זאָגען?... ווער ווייסט עפּעס?... זאָל גאָט אָפּהיטען... וואָלט



ער דאָך מיר אַמאָל עפּעס פאַרגעוואָרפען?... זאָל גאָט אָפּהיטען!... (נאָך אַ ווײַלע טראַכטען) און צווייטענס, וואָס זאָל ער זיך אָנשטויסען, אַז איך אַליין ווייס אויך נישט, צו דוד איז נישט זיין זוהן. ער איז דאָך געוועזען מיין מאַן פאַר'ן אַוועקגיין אין מיליטער... און דוד איז געבוירען געוואָרען פונקט אַכט חדשים נאָך זיין אַוועקפאָרען. (וויינט) ווייפיל, מיינסטו, נישט דערשלאָפענע נעכט, האָב איך שוין אין מיין לעבען פערבראַכט, טראַכטענדיג וועגען דעם, און דאָך ווייס איך נישט!... איך ווייס נישט!... (וויינט העכער).

לאה.

כ'געדענק, ווי היינט וואָלט עס געוועזען; כ'געדענק, ווי שמשון איז געקומען צופאָרען עפּעס אין אַ פּאָר טעג נאָך מאָטיל'ס אַוועקפאָרען צו מיליטער. כ'געדענק נאָך אפילו די ווערטער, וואָס ער האָט דיר געזאָגט, — ווי ער האָט אויף דיר געשריגען, פאַר וואָס האָסט איהם נישט געגלייבט; פאַרוואָס האָסט נישט געגלייבט, אַז ער וועט צוריקקומען און וועט מיט דיר חתונה האָבען. ער איז געפאָרען קיין וואַרשא נאָר צוליב דעם, ער זאָל פערדינען עטוואָס געלט, איהר זאָלט האָבען פאַר וואָס חתונה צו האָבען, — אַ סוף האָסטו זיך געלאָזט איבערערעדען פון דער מאַמע, עליה השלום, און האָסט חתונה געהאַט. ווי ער האָט דאָס דעמאָלט געוויינט! ווי אַ קינד! איך האָב געמיינט, אַז ער וועט זיך דעמאָלט דאָס לעבען נעמען. ער האָט דאָך געשריגען, אַז ער וועט אַהינפאָרען צו מאָטלין אין פּאָלק, ער זאָל דיך גט'ען.

שפרה.

יאָ, ער וואָלט אַלץ אויף די וועלט געטון, אַלץ, וואָס איז מעגליך, און וואָלט מיך געג'גט... ווען ער וואָלט נישט געקריגען אַזאַ גיכען לאַפּ, וואָלט זיכער געוועזען אַנדערש, ווי עס איז...

לאה.

דו האָסט דאָך איהם אויך שטאַרק ליב געהאַט — טאָ וואָס האָסטו זיך געאיילט חתונה האָבען מיט אַנ'אַנדערען?

שפרה.

אוי און ווי איז מיר! דאס זאגסט דו?... ווי האב איך זיך נעאיילט?... דו געדענקסט שוין נישט, וואס די מאמע, עליה השלום, פלעגט ארומוואויזען?... דו געדענקסט שוין נישט?... ווי איז צו מיינע יאר! די מאמע, עליה השלום, פלעגט דאך יעדען טאג... ווי זי איז צוריקגעקומען פון מארק, איז דאס ערשטע געוועזען: „א מויד, זי וועט ווארטען ביז'ן גרויען צאפ ארייַן... מען שדכ'ענט איהר א לייטישען שידוך, א גוטען בעל-מלאכה, אנ'ארענטליכען מענש, — וויל זי נישט. זי ווארט אויף שימשעלע שמיטשעק, — ער מוז שוין דארט, נעבאך, אודאי האבען הונדערט אנדערע... זי מיינט, אז ווארשא איז א פראווינץ-שטאדט. ווייניג זעט ער זיך דארט אן שיינע מיידלעך... נאך דערצו א מוזיקאנט, וואס שפילט אויף חתונות: דאס זענען די גרעסטע הולטאיען! און וואס ארט זי — די אלטע מאמע הארעוועט אויף איהר... אט, ווילאנג נאך? כ'וועל גיין און שטארבען... זי ליגט אויף מיינע פלייצעס, און זי פילט גארנישט. וואס פאר אנ'עולה זי טוט איהרע שוועסטערן... זי פערנעסט גאר, אז זי האט אונטער זיך פינף דערוואקסענע מיידען, וואס מען קען אלע אין איין טאג אונטער די חופה פירען, און דורך איהר זענען זיי אויך, נעבאך, איבערגעפירט!"... און אזוי, שוועסטער, איז דאס געוועזען יעדען טאג, אלע שבתים און אלע יום-טובים... ס'איז מיר נמאס געווארען ס'לעבען, און איך האב בעשלאסען חתונה צו האבען מיט וועמען ס'איז.

לאה.

איך זאג דיר דאך, אז דיין מאן שטויסט זיך עפעס אן...

שפרה.

זאל גאט אפהיטען, ער זאל וויסען! ער ווייסט נישט מער, אז איך האב זיך געקענט א פאר יאר מיט שמשונ'ען, אז ער איז געקומען צופארען, ווען ער איז געוועזען ביי'ם מיליטער, און איז אין א פאר חדשים ארום קראנק געווארען און געשטארבען. מער, חלילה, ווייסט ער גארנישט... גארנישט...



לאה.

דוד איז, אבער, אזוי שיין... עפעס נאר אנדערש ווי אלע דיינע קינדער... איהם צו לעננערע יאר, געדענקסט, צלאל. דער לעצטער, וואס איז דיר פאראיארען געשטארבען, איז געוועזען א שטומער, און עפעס אזא מיאוסער. דינה'לע האט א הויקער, און ער איז עפעס גאר אנ'אנדערער, עפעס א זיידענער...

שפרה (ווייט פערקוקט, ווי פערהיפנאטיזירט, רעדט נאך):

א זיידענער, אנ'אנדערער! קינד מיינס, נאך וואס פון דעם אלעם יעצט רעדען. איך סטארע זיך שוין עטליכע און צוואנציג יאר דאס צו פערגעסען. הערסט, שוועסטער, איך האב שוין צו פיל איבער-געלעבט, איך סטארע מיך שוין דאס אלץ פערגעסען. א סך, א סך טרערען האב איך שוין אין מיין לעבען פערגאסען. הערסט, שוועס-טער, א סך, א סך!... (וויינט) ער האט מיר איינגערעדט, אז ער וועט מיך באלד נט'ען מיט מאטלין. ער האט געזאגט, אז איך מוז זיין נאר זיין ווייב... יא, שוועסטער, כ'ווייס עס גוט, אז זינדיג איז דאס מיין נשמה, אוי, ווי זינדיג! (פויזע. גלייכט זיך אויס, ווישט אויס די אויגען, הייבט אויף דעם קאפ, שטארק, מיט מוט) און מענכעסמאל, שוועסטער, טרייסט איך מיך אליין, — ווייסט, מיט וואס? איז אפילו דוד זיין קינד, איז עס א גאטס זאך... הערסט, א גאטס זאך!... אלץ איז פון גאט, אלץ קומט פון גאט!... אזא קינד, אזא מלאך, אזא טרייסט דארף לעבען!... אזוי אפצוגעבען כבוד א טאטען און א מאמען! עס איז דען דא אין דער גאנצער וועלט נאך אזא קינד?... ווען נישט ער, וואלט דען נישט אויסגעקומען שוין איצט צו גיין אין די הייזער בעט-לען?... ווי א מלאך האט ער איבער אונז זיינע פליגעל צושפרייט. צי האט ער דען, חלילה, ארורגעלאזט איין חודש, ער זאל נישט שיקען געלט? אין יעדען בריף פרעגט ער זיך איבער, וואס מיט'ן טאטען, וואס מיט די מאמען, און ווי זעט אוים דער טאטע, און ווי זעט אוים די מאמע, — און אלץ איז אויף זיין קאפ, — איז דאס א געווענליכער מענש? דאס איז א מלאך, זאג איך, א מלאך!

לאה.

קומט ער טאקע היינט? כ'וואלט איהם שוין געוואלט זען,

כ'בין אזוי טשעקאווע איהם צו זעהן: ער מוז שוין זיין א גאנצער הערר.

שפרה.

אוי! איך האָב איהם שוין אויך לאנג נישט געזעהן... לאה'שי. מיר האָבען זיך דאָ פערעדט... זאָג נאָר, ווי שפּעט קען שוין איצט זיין?

לאה.

עס קען שוין זיין אודאי צווייע.

שפרה.

נאָ, ביז דרייע האָב איך נאָך א ביסעל צייט... כ'האָב זיך געפרענט ביי דער נאטשעלניטשקע, האָט זי מיר געזאָגט, אז דער צוג קומט אָן דרייע, (און דער טיר בעווייזט זיך מאָטיל, און נעציל שלעפּט זיך נאָך מיט טרויריג פאראפּגעלאָזטען קאָפּ, טראָגט א פּאָר אלטע שיך).

אויפטריט נעציל, מאטיל.

מאָטיל (קוקט אויף לאה'ן, ווי ער וואלט זי נישט געקענט).

לאה.

וואָס מאַכסטו, מאָטיל? א שיינער שוואָגער ביסטו! זאָלסט דאָס אַמאָל בא מיר אָפּטרעטען פערבייגייענדיג!...

מאָטיל (שאָקעלט קוים אָפּ מיט'ן קאָפּ).

לאה.

פרייסט זיך עפּעס, אז דוד קומט? די גאנצע שטאָדט איז דאָך דיך היינט מקנא מיט דעם זוהן.

מאָטיל.

(ווי וואלט גאָרנישט געהערט, אז מען רעדט צו איהם, זעצט זיך באַ'ם פּערשטאַט, נעמט א קאָפּיטע אין דער האַנט).



שפרה

אָט זעה מיין אומגליק!... מיט יעדען טאָג איז מיט איהם ערגער... אָט זעה: ווי מען וואָלט גאָרנישט צו איהם גערעדט.

לאה,

איך בין מיך דאָ, אָבער, שיין פערזעסען... כ'מוז אהיימלויפען, כ'וועל מאָרגען קומען זיין דוד'ן.

שפרה.

איך גיי אויך מיט דיר. כ'האָב געגעבען דער פריזירקע דאָס שטיקעל אויפקעמען. ס'איז שוין נישט מעגליך געוועזען אזוי צו טראָגען. (צו געצלין) נעציל, אז דינה'לע וועט קומען מיט'ן פליייש, זאָל זי אויף מיר נישט וואַרטען און אליין עס כשר מאַכען. מאָטיל'שי, און דו מאַך היינט גיך א סוף מיט די ארבעט, אָדער לעג אוועק איננאנצען... מען מוז אביסעל אויפרוימען. מאָטיל'שי, זעה זשע זיך צוצואיילען!...

לאה.

מאָטיל, זיי געזונט, (מאָטיל ענטפערט נישט. — זיי גייען ארויס).

נעציל.

מייסטער, פאַר וואָס האָט איהר גאָרנישט גערעדט צו לאה'ען? זי איז דאָך א זער גוטע יודיגע.

מאָטיל (ענטפערט נישט).

אויפטריט דינה.

דינה'לע.

(שווער אָטעמענדיג, פאלט אריין, וואַרפט פון זיך אראָפּ ס'טוך, קוקט זיך ארום, וואַרפט א איראָנישען בליק אויף מאָטלין) טאַטע, דו זיצט נאָך באַם

וואַרשטאַט אין אַזאַ שטאַנד? וואו איז עפּעס די מאַמע? זי איז זיך נאָר אוועקגעגאַנגען! (שרייט) דוד קומט באַלד צופאָרען! טאַטע, דו האָסט זיך שוין פערטראַכט? אַפילו הײַנט טראַכסטו אויך! דיר איז אַלצאײַנס: „זאַושע שוועגטאַ, קעדיז וואָודקאַ“. (מאַטיל, ווי וואָלט נאָר. נישט געהערט, זיצט פערטראַכט) טאַטע, דו הערסט גאָרניש? ס'איז שוין אײַנמאָל אַ קלאָג צום לעבען מיט דיר! (גייט צו צו איהם) טאַטע, שטײַ אויף, כ'דאַרף צוצוקערען!...

## נעציל.

אוי, דינה'לע, בײַזער דיך נישט! בײַזערן שאַדט צו שײַנקײַט. צאַצקעלע, ווערסט נאָך אָרומקערען, רוה זיך אָביסעל אָפּ. האָסט זיך דאָך הײַנט אָנגעאַרבעט נעבעך, זעץ זיך אביסעל, צאַצקעלע, זעץ זיך...

## דינה'לע.

גוט מאָרגען, אָט האָסטו איהם, מײַן טאַטענס נעציל! וואו די זײַסט איהם נישט, דאָרט וואַקסט ער אויס... אומעטום רופט ער זיך אָפּ, דער נאַרטשיסקאַ...

## נעציל.

אוי, דינה'לע, דינה'לע, בײַזער דיך נישט, ס'וועט דיר אַ מאָל שאַדען צו אַ שידוך. כי-כי!

## דינה'לע.

מײַן טאַטענס נעציל, מישטײַנסנעזאָגט (שפּעט איהם נאָך) כי-כי-כי! (שרייט און טופּעט מיט'ן פוס) טאַטע, לאָז כאָטש אויף הײַנט איבער ס'טראַכ-טען! טראַכסט שוין אַזוי לאַנג, און גאָרנישט אויסגעטראַכט, — וועסטו שוין הײַנט אַודאי גאָרנישט אויסטראַכטען! לאָזען שוין אַנדערע פאַר דיר טראַכטען... בײַ אַזאַ ווײַב, ווי די מאַמע, קענסטו זיך אַזוי נאַריש מאַכען. בײַ אַן'אַנדער ווײַב וואָלסטו אַזוי נישט געוועזען. די מאַמע, מישטײַנסנעזאָגט, ווייסט דען, וואָס ס'טוט זיך מיט איהר? קען זיפצען און רעדען מיט גאָט. נאָר זי האָט געקענט צולאָזען, אַז אַ מאַן זאָל אַזויפיל יאָרען טראַכטען אין די וועלט אַרײַן און נישט פער-דינען אַ גראָשען!



## נעציל.

אפשר וועסטו ברענגען צו אַ גט דעם טאַטען מיט דער מאַמען, צאַצקעלע? (לאַכט טרויעריג) כי-כי-כי!

## דינה'לע.

(שפּרינגט צו צו נעצלין, לאָפט אָן בײַ אַ לאַץ פון דער קאַפּאָטע און טרייסעלט מיט איהם) נעציל, געדענק! געדענק, אַז דו וועסט מיך אַמאָל ברענגען אין אַזאַ כעס, אַז אײַן גאָט ווייסט נאָר, וואָס איך וועל דיר טון.

## נעציל (לאַכט).

אַז נאָר אײַן גאָט ווײַסט, וואָס דו וועסט מיר טון, ווײַסט דו דאָך נישט! און אַז דו ווײַסט נישט, וועסטו דאָך מיר גאָרנישט טון!

## דינה'לע (שרייט).

וואַרט, דו, נאַרטשיסקאַ! (שפרה ווײַזט זיך אין די טיר).

## אויפטריט שפרה.

### שפרה (שטייט בײַ די טיר פערוואונדערט).

גאָט איז מיט אײַך, וואָס איז דאָ פאַר אַ ליאַרם? פון דאַנען ביז דאַנען, אַז דו גייסט עפּעס טון, דינה'לע, מאַכסטו אָן באַלד אַזאַ געשרײַ, טאַטע מײַנער!

## דינה'לע (שפּעט נאָך)

טאַטע מײַנער! טאַטע מײַנער! (שרייט) דו רעד נאָר מיט גאָט. קומסט אַרײַן פון דער גאַס, ווייסט נישט, וואָס, ווען, און מישסט זיך אַרײַן. — דער נאַרישער נעציל רייצט זיך מיט מיר, ווי מיט אַ הונט, אַז איך פּלאַץ שיער, און דער טאַטע, זײַ מוחל, זיצט אין רעדט גאָר-נישט, און אָרום איז אַ שטאַנד, אַז מ'קען באַלד שטאַרבען אויפ'ן אָרט...

שפרה (ווייניק).

באלד, דינה'לע, מיר וועלען זיך באלד ביידע נעמען, וועט, אקוים דו ווייסט, אלץ זיין פארטיג... דינה'לע, האסט געבראכט א פּאסעק פאר דוד'ן אויף א ביפשטיק'ל?

דינה'לע.

יא, די קצב'טע זאל דיר אזוי לעבען, ווי זי האט געוואלט געבען א פּאסעק. זי האט זיך צולאכט אויפ'ן גאנצען קול, און די באקען האבען זיך בא איהר אזוי געטרייסעלט, אז כ'האב געמיינט, זי וועט פּלאצען פון געלעכטער, — ווען כ'האב איהר געזאגט, אז כ'וויל א פּאסעק פון א האלב-פונט: „קוק נאר אן די שמאַרעכוס-טע, וואס וויל א פּאסעק פון א האלב-פונט!" זי האט קיין פּאסעק נישט געגעבען, נאר א שטיקעל מיטעלגראַבס, און באלד האט זי געוואלט וויסען, וואס בא אונז איז געשיין, וואס פאר א שמחה בא אונז וועט זיין, אז אין מיטען דער וואך קויפט מען פליייש; נאר א מכה אויף איהר קאפ האב איך איהר געזאגט.

שפרה.

אוי, וויי איז צו מיר. וויפיל מאל, דינה'לע, האב איך דיך געבעטען, דו זאלסט נישט שעלטען.

דינה'לע.

וואס ווילסטו? אבי דו שעלסט נישט!

שפרה.

מאטיל'שי, לעג שוין אוועק די ארבעט, ס'איז שוין באלד שפעט. (גייט נעהנטער צו איהם צו:) וואס מיינסטו, מאטיל'שי, ס'וואלט בדאי געוועזען, דו זאלסט איהם אנטקעגען גיין אויף די סטאציע, וואס זאגסטו, מאטיל'שי? (מאטיל ווי וואלט נישט געהערט) מאטיל'שי, וואס זאגסטו, וועסט איהם אנטקעגען גיין? (מאטיל ווי פריער) מאטיל'שי, דו הערסט גארנישט, וואס מ'רעדט צו דיר? אוי וויי איז מיר!



דינה'לע.

דער טאטע האט זיך אוראי פערטראכט.

שפרה.

שטיי זשע אויף, מאטיל'שי. וואש זיך אביסעל ארום. קוק נאר אן דיינע הענט (ווייזט איהם אויף זיינע הענט).

דינה'לע.

א געשעפט האט דער טאטע מיט'ן וואשען זיך די הענט. (לאכט) דוד וועט איהם סיי-ווי-סיי געבען א קוש אין די האנט.

שפרה.

מאטיל'שי, די הענט זענען דאך בלויז סמאלע... ווארט, כ'וועל דיר געבעןווארעם וואסער זיך אפצווואשען. (גייט צו צו דער קיך, נעמט אראפ א טעפעל וואסער, גיסט אריין אין א שיסעל, גייט צו צו מאטל'ען, שטעלט אנידער די שיסעל אויפ'ן בענקיל, ווארט פון איהם אראפ די קאפאטע, און לעגט איהם אריין די הענט אין די שיסעל) נא, וואש זיך ארום. (גייט צו צוריק צו דער קיך. מאטיל בלייבט זיצען מיט די הענט אין די שיסעל, נישט מאכענדיג קיין שום בעוועגונג) נו, מאטיל'שי, דאס וואסער ווערט דאך אינגאנצען קאלט. (גייט צו איהם צו, דערלאנגט איהם עפעס זיך אפצווישען. גייט צוריק צו דער קיך) דינה'לע, נעם צו די שיסעל פונ'ם טאטען.

דינה'לע.

(נעמט פון איהם צו די שיסעל, און קוקט אין איהר אריין איראניש)

ווי נאר, מאמע, וואס פאר א ריינע הענט דער טאטע האט? ס'וואסער האט זיך גארנישט פערפארבט, — אבי דו רעדסט, אז ער האט ה...נט מיט סמאלע!

שפרה (דרייט מיט'ן קאפ).

לאז שוין זיין אזוי. אלזא, מאטיל, הייב דיך אויף, איך וויל

איזעקשטעלען דעם וואַרשטאַט אין אַ ווינקעל. (זי נעמט אוועק דעם וואַרשטאַט, און מאָטיל בלייבט זיצן אין מיטן שטוב, נישט רירענדיג זיך פונ׳ם אָרט).

געציל.

אוי, כ׳וועל עס נישט אויסהאַלטען! דער מייסטער מאַכט זיך היינט פאַר אַ קליין קינד.

שפרה.

שטיי־זשע אויף, מאָטיל׳שי! (מאָטיל, ווי וואָלט נישט געהערט) מאָטיל׳שי, געדענק אין איין גאָט (מיט צאָרן) וואָס טוט זיך דאָס היינט מיט דיר? וואָס איז היינט עפּעס מער ווי אַלעמאָל? מאָטיל׳שי, פּונקט היינט עפּעס אַ מין נייע אָנשיקעניש! דערבאַרם זיך איבער מיר! דו מאַכסט דאָך מיר דעם טויט! אום גאָטעס ווילען, זאָג מיר, וואָס איז דיר עפּעס היינט ווייטער צוגעקומען! (וויינט) אין אַזאַ טאָג, אַזאַ טאָג! דו טוסט מיר אָן געבּרענטע צרות!... (שאָקעלט מיט איהם שטאַרק אויפגערעגט) אַז וועסט מיר נישט זאָגען, וואָס איז איצט מיט דיר, וועל איך מיר אַ מיתה אָנטון, חלילה! (וויינט העכער) אוי, ס׳קינד קומט באַלד אָן צופאָרען, אוי וואָס טוט מען? מענשען, וואָס טוט מען מיט איהם?

(מאָטיל שטייט די גאַנצע צייט, ווי פערשטאַרט).

געציל (שטייט אין אַ ווינקעל און ציטערט).

מייסטער׳שי וואָס איז מיט אייך? מאַסטער׳שי, טוט נישט אָן היינט די מייסטראָווע קיין עגמת־נפש.

שפרה.

מאָטיל׳שי, וואָס, דו האָסט, חלילה, פערלוירען ס׳לשון? גיב כאָטש אַ שאָקעל מיט׳ן קאָפּ, (מאָטיל מאַכט נישט די מינדסטע בעוועגונג) אוי! חיי איז מיר? פינסטער איז מיין לעבען! אין אַזאַ טאָג, אַזאַ טאָג!



וואָס וועט דאָס אָרעמע קינד זאָגען? ער וועט דאָך זיין גאַנץ לעבען פערליירען!

געציל.

אפשר זאָל איך לויפען נאָכ׳ן פעלשער? איך לויף! (לויפט אַרויס).

שפרה (רייסט זיך די האָר פון קאָפּ און וויינט).

דינה׳לע (קוקט אַרויס דורכ׳ן פענסטער).

מאַמע, וואָס וויינסטו? וואָס פערוואָוויועסטו? דו ווייסט נישט, אַז דער טאַטע האָט זיך פערטראַכט? (פרייט) אוי, מאַמע, דוד גייט!

שפרה.

(לויפט, כאַפּט אַראָפּ פון אַ צוואָק אַ קאַפּאָטע און ציט זי אַרויף אויף מאָטילען).

אויפטריט דוד.

דוד (פאַלט אַרויף אויף די מוטער און קושט זי).

מאַמעשי, מאַמעשי! (לויפט צו צו מאָטילען, קושט איהם די הענט, פאַלט אויף איהם אַרויף און טוליעט זיך צו איהם, מיט געוויין, פרעגט) טאַטע׳שי, וואָס ווייסטו אַזוי שלעכט אויס? אוי, ווי דו האָסט זיך פערענדערט! ביסט אַזוי געעלטערט געוואָרען...

מאָטיל (קוקט איהם אָן פון קאָפּ ביז פיס).

דוד (מיט שרעק).

מאַמעשי, וואָס איז דעם טאַטען? וואָס איז איהם?

שפרה.

מאָטיל׳שי, קוק איהם נאָר אָן, ווי שען ער איז! קוק נאָר אָן

אונזער נחת! זעה נאר, וואס פאר א זוהן דו האסט, וואס פאר א פרייד.

מאטיל (מיט א ווילדען געשריי).

די זאגסט, אז דאס איז מיין זוהן, מיין פרייד? (שפּרינגט צו צו דער קיך, כאפט א האק אין די הענט און לויפט צו מיט דער אויפגעהויבענער האק צום זוהן) ארויס פון דאנען! ארויס! דו ביסט נישט מיין זוהן! דו ביסט נישט מיין פרייד! דו ביסט א ירושה! א ירושה... (פאלט אנידער מיט א געוויין).

(פארהאנג).

---

## עס דרוקט זיך:

נח פּרילוצקי, „יידישע פאלקסלידער", II באנד: 1) לידער און מעשה'לעך פון טויט; 2) באלאדעס און לעגענדעס מיט און אהן א מוסר-השכל

---

## ס'ווערט פארפערטיגט צום דרוקען:

1) נח פּרילוצקי „יידישע פאלקסלידער", III באנד: „דאס יידישע קינד".
2) נח פּרילוצקי'ס כתבים, I באנד: „רעמבעס" (פארטרעטען און סקיצען, ליטערארישע און געזעלשאפטליכע).
3) „נח פּרילוצקי'ס זאמעלביכער פאר יודישען פאלקלאר, פילאלאגיע און קולטורגעשיכטע", II באנד.
4) „יידישע שפּריכווערטער און רעדענסארטען", I באנד: „פארגלייכונגען".
5) „אין וואלד פון דער יודישער פאלקספאנטאזיע", מעשיות און זאגען, I באנד.
6) פּאולא פּרילוצקי (פּאולא ר.), „ער און זי", דראמע אין 4 אקטען.



# „נייער פערלאג“.

## די טעג דערשיינען:

I „נח פּריִלוּצקי׳ס זאַמעלביכער פאַר יודישען פאָלקלאָר, פילאָלאָגיע און קולטורגעשיכטע“. אַרויסגעגעבען פון נח פּריִלוּצקי און ש. לעהמאַן.

אינהאַלט: 1) פאָרוואָרט.— 2) „יידישע שפּריכווערטער, גלייכווערטלעך, רעדענסאַרטען און צונעמעניִשען וועגען לענדער, געגענדען, שטעדט און שטעטלעך“, געזאַמעלט און דערקלערט פון נח פּריִלוּצקי און שמואל לעהמאַן. (1061 נומערן). — 3) נאָכוואָרט, פון נח פּריִלוּצקי. — 4) פּורים-שפּילען, פון נח פּריִלוּצקי׳ס זאַמלונגען: „גלית-הפלישתי“ (ערשטער וואַריאַנט), „גלית-הפלשתי“ (צווייטער וואַריאַנט), „מלך-שאול-שפּיל“ (דריטער וואַריאַנט פון „גלית-הפלשתי“). — 5) יידישע דיאַלעקטאָלאָגיע: א) „דיאַלעקטאָלאָגישע באַמערקונגען“ פון מ. וויינגער; ב) „דיאַלעקטאָלאָגישער פּענאָמען“, פון נח פּריִלוּצקי. — 6) Miscellanea: א) „מענדעלי-מוכר-ספרים׳ס א פאַרגעסענע ליטעראַרישע אַרבעט“ (ביבליאָגראַפישער נאָטיץ פון נח פּריִלוּצקי); ב) „צו דער געשיכטע פון יידישען טעאַטער אין וואַרשא“, פון נח פּריִלוּצקי; ג) „א מודעה פון וואַרשעווער יידישען שפּיטאָל פון פאַר 90 יאָר צוריק“, פון נ. פּ. — 7) פּאָלעמיק: „א תשובה איינעם א רעצענזענט“, פון נח פּריִלוּצקי.

II פּאַולאַ פּריִלוּצקי (פּאַולאַ ר.) דראַמען:

1) „ירושה“ דראַמע אין 4 אַקטען.

2) „דער אַקטיאָר“, דראַמאַטישער איינאַקטער.

3) „איינע פון יענע“, דראַמע אין 4 אַקטען.

